D. MICMACHER

# DERCAJŁUNGEN

(NOWELE)

Redaktor: D. SFARD

Okładkę projektował:. B. PACANOWSKI

Wydawnictwo „IDISZ - BUCH"
Warszawa 1951 r.

Nakład 3 000 egz. arkuszy wydawn. 9 Nr. zam. 324 ark. druk. 9½
Drukarnia „Nowe Życie" W-wa, Al. K. Świerczewskiego 79. 2-B-19843



דוד מיצמאַכער

געבוירן אין בענדזשין אין יאָר 1904
27־טן אפּריל אומגעקומען אין יאָר 1941

ב. מאַרק

## דוד מיצמאַכערס וועג צו זיך

דאָס דאָזיקע ביכל — אַ זאַמלונג פון עטלעכע ווערק פון דעם שרייבער דוד מיצמאַכער — דאַרף זיין אַ באַשיידענע זאַמלונג וועגן דעם שעפערישן וועג פון אָט דעם טאַלאַנטירטן יידישן פּראָזאַיקער, וואָס איז אומגעקומען פון אַ פאַשיסטישער קויל אין די ערשטע טעג פון דעם פאַרברעכערישן אָנפאַל פון די היטלעריסטישע חיילות אויפן ראַטנפאַרבאַנד.

מיצמאַכערן האָט פאַרכאַפּט די מלחמה אין סאָוועטישן ליטע, וווּ דער ווייסרוסישער שרייבער־פאַרבאַנד האָט אים אַרויסגעשיקט אויף זומער־אָפּרו. אינאיינעם מיט צענדליקער טויזנטער אַנדערע יידן און סאָוועטישע מענטשן, איז ער פון דאָרט געלאָפן אויף מזרח, צו די אַלטע סאָוועטישע גרענעצן, פּילנדיק, אַז נאָר דאָ קאָן ער געפינען אַ מקום מקלט. אָבער די פאַשיסטישע ליופטפּיראַטן, וועלכע האָבן, פּונקט ווי אין סעפּטעמבער 1939, געצילט אין די מחנות הײמלאָזע פּליטים אויף די וועגן, האָבן אויך דערמאָרדעט דעם שרייבער דוד מיצמאַכער.

אַ קריטיקער, אַ געמיטלעכער, אַ געבוירענער אָפּטימיסט און שפּרודלדיקער מיט שעפערישער ענערגיע, אַ טיף פאַרוואָרצלטער אין דעם לעבן פונעם יידיש־פּוילישן האַרעפּאַשניק — וויפל וואָלט איצט געקאָנט מיצמאַכער געבן אונדזער ליטעראַטור! דער נאַטירלעכער וועג וואָלט געווים געפונען דעם מחבר פון „שמאַטע־קליבער" פון „מענטשן", פון דער „קאַפּעליע", פון „צוריקגעקומען", צום ברייטן שליאַך פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם, צו שילדערן דעם גורל פון די ווינגדערס, זימלס, משה־בערס, פון די יונגע שמאַטע־קליבערס, צו שילדערן דעם גורל פון די בלינד־געוואָרענע מלחמה־אינוואַלידן, וועלכע האָבן דערזען די ליכט פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, פון די פּריקאַזשטשיקעס, וועלכע זיינען געוואָרן עקספּלאָאַטירט דורך די „אייגענע" יידישע סוחרים. אָבער

נישט געקוקט דערויף, וואָס מיצמאַכערס וועג איז אַזוי אַכזריותדיק, פּריצייטיק איבערגעריסן געוואָרן, נישט געקוקט אויך אויף געוויסע אידעאָלאָגיש און סטיליסטישע אָפּפּלוסן אויף דעם דאָזיקן וועג, פאַרמאָגן דוד מיצמאַכערס גרונט־ווערק א דויערהאַפטיקן ווערט און גייען אַריין אינעם אייזערנעם פאָנד פון דער פּראָגרעסיווער יידישער ליטעראַטור.

* * *

דוד מיצמאַכער שטאַמט פון זאַגלעמביע (געבוירן אין 1904). ער איז אויסגעוואַקסן אין א היים פון האַרעפּאַשניקעס און איז אַליין כל ימיו — מיט קורצע אויסנאַמען — געווען א האַרעפּאַשניק, אַן אָנגעשטעלטער — אָדער ווי מען האָט עס גערופן אַמאָליקע צייטן, א פּריקאַזשטשיק, א סוביעקט, א „מענטש" — אין אַן אייזן־געשעפט אויף גזשיבאָוו, וועלנדיק ביטער עקספּלאָאַטירט דורך זיינע „אייגענע" יידישע באַלעבאַטים, וועלכע ער באַשרייבט טאַקע אין זיינע „מענטשן". ציענדיק די שרייבערישע יניקה פון זיין אייגענער סביבה, פון דעם לעבן און שטייגער פון די יידישע האַרעפּאַשניקעס און לוין־אַרבעטער, האָט זיך מיצמאַכער געשטעלט מיטן פּנים צו זיין קלאַס. פון דאַנען האָט ער גענומען זיינע געשטאַלטן, זיך צוגעהערט צו זייער שפּראַך און געפּרוווט ברענגען צום אויסדרוק זייערע טרוימען און פאַרלאַנגען.

אָבער אין די דאָזיקע יאָרן, ווען מיצמאַכער טרעט אַריין אין דער ליטעראַטור, האָט אין דער אַלגעמיינער און אין דער יידישער ליטעראַטור געבליט דער נאַטוראַליזם. דאָס איז שוין נישט געווען דער נאַטוראַליזם פון דער גלאַנץ־עפּאָכע, פון דעם דור פלאָבער און זאָלא. דאָס איז געווען דער דעקאַדענטישער נאַטוראַליזם, וועלכער האָט דורך אָפּשטויסנדיקע בילדער פון לעבן, דורך דעם גריבלען זיך אין מענטשלעכן אָפּפאַל, דורך אַרויסברענגען די סאַמע נידעריקסטע אינסטינקטן, געבראַכט צום אויסדרוק דעם פּראָטעסט קעגן דעם אומגערעכטיקן אַרום, קעגן די גרוילקייטן פון דער קעגנוואַרט. אונטערן דאָזיקן איינפלוס האָבן יידישע שרייבער זיך ממש איבערגעיאָגט אין אַרויסשלעפּן די סאַמע עקלדיקייט פון לעבן, אויפפּאַסנדיק די ווירקלעכקייט איינזייטיק, נישט דערזעענדיק די צווייטע זייט פון לעבן אין יענער צייט — די מאָראַלישע געזונטקייט פון אַרבעטער־קלאַס, זיין קאַמף פאַר אַן ענדערונג פון פאַרשאָלטענעם סיסטעם און דעם אויפקום פון סאָציאַליזם אויף א זעקסטל חלק פון דעם ערדקיילעך. די נאַטוראַליסטן האָבן געשילדערט די וווּנדן און שאַנד־זייטן פון קאַפּיטאַליזם ווי א זאַך, וואָס מוז שוין אַזוי זיין, ווי א פאַטום פון וועלכן דער מענטש קאָן זיך נישט אויסלייזן.

אויך דוד מיצמאַכער איז אַרונטערגעפֿאַלן די ערשטע צייט אונטער דער השפּעה פֿון נאַטוראַליזם. אָבער דער געזונטער קלאַסן־אינסטינקט און דאָס שטעקן טיף אין פֿאָלק האָט אַרויסגערופֿן ביים שרייבער אַן אינערלעכן אידעאָלאָגישן און סטיליסטישן געראַנגל צווישן דעם פֿרעמדן געוויקס, דעם נאַטוראַליזם, און דעם נאַטירלעכן און באַרופֿענעם פֿאַר אים וועג, דעם רעאַליזם.

די ערשטע גרעסערע זאַך, וואָס מיצמאַכער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט, „אויף די געשענקטע יאָרן” (1925) איז אַ טיפּישער נאַטוראַליסטישער פֿרעמדער געוויקס, פֿול מיט ספּעציעל אויסגעזוכטע אָפּשטויסנדיקע בילדער. דאָס איז געווען אַ שאַפֿונג, געשריבן אונטער דער ווירקונג פֿונעם רעקלאַמירטן נאַטוראַליזם, ממילא איז דאָס פֿרעמד געווען דער נשמה פֿונעם שרייבער און פֿאַרמאָגט דעריבער אַ גאַנץ קנאַפּן קינסטלערישן ווערט.

אָבער שוין אין אַ צווייטער גרעסערער שאַפֿונג פֿון דעם זעלביקן פּעריאָד, אין די „שמאַטע־קלויבערס” (1926), לאָזט זיך מערקן דער אינערלעכער סטיליסטישער געראַנגל, וועלכער שפּיגלט אָפּ דעם אינערלעכן אידעאָלאָגישן געראַנגל; פֿון איין זייט דער געזונטער חוש פֿאַר סאָציאַלן געמעל; און פֿון דער צווייטער — די איבערגענומענע, פֿרעמדע נאַטוראַליסטישע מאָדע, וועלכע האַמעוועט די אַנטוויקלונג פֿונעם ערשטן עלעמענט.

אין די „שמאַטע־קלויבער” גיט מיצמאַכער אַ בילד פֿון אַ שיכט, וואָס שטייט אויף דער גרענעץ פֿון פּראָלעטאַריאַט און לומפּן־פּראָלעטאַריאַט, אַ שיכט, אַרויסגעבראַכט דורך אינדיווידואַליזירטע געשטאַלטן, אַ שיכט מיט זיין קאָלאָריט, מיט זיין שפּראַך, אַרט־דענקען און אַרטלעבן. ווען נישט דער נאַטוראַליסטישער עלעמענט, ווען נישט דאָס, וואָס די פֿאָלקסטימלעכקייט ווערט אין די „שמאַטע־קלויבער” אַ זעלבסטצוועק פֿאַר זיך אַליין, וואָלט די דאָזיקע נאָוועלע געוואָרן אַ פֿיאָנערישע שאַפֿונג פֿון דער רעאַליסטישער יידישער ליטעראַטור אין די דאָזיקע יאָרן.

אָבער נישט געקוקט אויף די חסרונות, פֿאַרמאָגן די „שמאַטע־קלויבער” אַ גרויסע דערקענטעניש־ווערט און זיינען די ערשטע ערנסטע קינסטלערישע דערגרייכונג פֿונעם שרייבער. אין דער דאָזיקער נאָוועלע לויכט אויף דער אָפּטימיסטישער בליק אויף דער וועלט, וועלכער שאַפֿט אַ לפֿי ערך פּאָזיטיוון קעגנזאַץ צו דעם מאָטיוו פֿון גסיסה און רעזיגנאַציע, וואָס הערשט אין דער ערשטער שאַפֿונג, אין „אויף די געשענקטע יאָרן”.

אינעם צייט־אפשניט פון „שמאטע־קליובער“, וועלכע זיינען, ווי געזאגט, דערשינען אין יאר 1926, ביז „מענטשן“, וועלכע זיינען ארויס אין יאר 1935, האט מיצמאכער אנגעשריבן א ריי דערציילונגען און נאוועלן, וואס שטייען נישט אויף קיין איינהייטלעכן ניווא. אין משך פון אט דעם ניין־יעריקן פעריאד פילט זיך, ווי דער שרייבער זוכט א וועג צו זיך אליין, צום אייגענעם פראלעטארישן עיקר, צום ריכטיקן שליאך פון דער אייגענער שאפונג, אבער נישט תמיד געלינגט אים. צו דער פאזיטיווער זייט פון אט דעם פעריאד זיינעם געהערט אומבאדינגט דאס, וואס מיצמאכער זאגט זיך אפ אייבמאל פאר אלעמאל פון קונסט לשם קונסט, פון סתם פאלקסטימלעכקייט, ער שטעלט זיך מיטן פנים צום לעבן, צו דער ווירקלעכקייט, עס פאראינטערעסירט אים בלויז סאציאלע טעמאטיק, ער שילדערט די וווּנדן פון קאפיטאליסטישן סיסטעם, אבער, נישט שטענדיק באווייזט ער צו פארטיפן די פראבלעמען, נישט שטענדיק געלינגט אים צו געבן א פולבלוטיק רעאליסטישע שילדערונג, עס פעמטעט נאך זיין געמיטל די ירושה פון נאטוראליזם. צו דעם דאזיקן ניין־יעריקן פעריאד געהערן די גרעסערע נאוועלן „אין קלעם“ און „אויפן ברוק“; די ערשטע שילדערט א טראגעדיע פון אן ארעם יידיש מיידל, א טאכטער פון דעקלאסירטע קליינבירגערלעכע עלטערן; אירע טעג שלייכן זיך מאנאטאן און אויסזיכטלאז; זי זעט נישט קיין אנלען אין לעבן; ערשט דער קאנטאקט מיט אן ארבעטער, א געזונטן טיפ פון א יידישן פאלקסמענטש, שלעפט זי ארויס פונעם תהום פון מעלאנכאליע און עפנט פאר איר די פערספעקטיוו פון א זין אין לעבן. די נאוועלע „אויפן ברוק“ איז איינע פון די טויזנטער געשיכטעס, וועלכע בילדן די שרעקלעכסטע קללה פון קאפיטאליסטישן סיסטעם — ארבעטלאזיקייט. דאס איז די געשיכטע פון אן ארבעטער, וואס ווערט רעדוצירט. דער מחבר וויקלט פאנאנדער פאר אונדז א שוידערנדיק בילד פון דער לאגע פון די ארבעטלאזע אין ענדעקיש־סאנאטארישן פוילן.

דערביי גיט מיצמאכער א בילד פון אלע שענדלעכע באגלייטדערשיינונגען פון קאפיטאליזם: פראסטיטוציע, גנבות, שיכרות — אינעם קאראהאד פון די אלע צרות און פלאגן וואלגלט ארום דער ארבעטלאזער גאלפער, וועלכער וואקסט אויס פון א געוויינטלעכער געשטאלט צום טרעגער און אויספירער פון דעם מחברס געדאנקען. און דער מחבר — און דא קומען מיר צום שעדלעכן איינפלוס פונעם נאטוראליזם — וועלכער איז פול מיט קלאסן־שנאה צום קאפיטאליזם, מיט בייסיקער קריטיק לגבי דער יידישער בורזשואזיע, וועלכער איז באוואפנט מיט א

רעאַליסטישן פּענדזל, אויב עס גייט אין שילדערן די אַרבעטלאָזיקייט, קאָן אָבער נישט געפינען קיין ריכטיקע לייזונג פאַרן גרונט־פּראָבלעם פון קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם. גאָלפּער, אַנשטאָט זיך איינשליסן אין דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־מאַסע און ארויסגיין אין אַקטיוון קאַמף פאַר זיינע רעכט, פּראָוועט התבודדות און געפינט סוף כל סוף אַ טרייסט אין... די אָרעמס פון אַ פּראָסטיטוטקע.

אַן ענלעכע אינערלעכע סתירה געפונען מיר אין מיצמאַכערס אַ ווייטערדיקער נאָוועלע „סטודענט הילעלס". הילעלס איז אַ דערפינדער, ער ווערט באַרויבט דורך אַ קאַפּיטאַליסטישן עקספּלאָאַטאָר, ער איז אַ קרבן פון דעם פאַרשאָלטענעם סיסטעם; ווי־אַזוי רעאַגירט הילעלס אויף דעם אַלעמען? ער פאַרגוואַלדיקט אַ יונג מיידל און דערהרגעט זיין עקספּלאָאַטאָר, דעם וועג צום קאַמף האָט אויך הילעלס נישט געפונען, פּונקט ווי עס האָט אים נישט געפונען גאָלפּער.

אינטערעסאַנטע פּאָזיציעס פון מיצמאַכערס אַנטוויקלונג אין דעם ראָזיקן פּעריאָד 1926—1935 זיינען זיינע שאַפונגען „צוריקגעקומען" (צו־ערשט אין פאָרם פון אַן איינאַקטער „צוריקקער", דערנאָך איבערגעאַרבעט אויף אַ דערציילונג), דער ראָמאַן „קוילן־גרוב", די נאָוועלע „בלוט" און די נאָוועלע „יאַנקל וויביטקער". דאָ זעען מיר בפירוש, ווי אַזוי מיצמאַכער לייזט זיך אויס פונעם נאַטוראַליזם און דערנענטערט זיך אַלץ מער צום רעוואָלוציאָנערן רעאַליזם, שטעלט זיך אַלץ פעסטער אויפן באָדן פון אַקטיוון קלאַסן־קאַמף און פאַרשטייט אַלץ בעסער די לייזונג פונעם גרונטיקן סאָציאַלן פּראָבלעם פון זיין צייט. פּאַראַלעל מיט דעם, ווערט אַלץ קלאָרער, אַלץ זאַפטיקער מיצמאַכערס סטיל, אַלץ ריכטיקער, קרעפטיקער און רעאַלער זיינע געשטאַלטן, אַלץ פּשוטער און אמתדיקער זיין שילדערונג־שפּראַך, אַלץ פולער און קינסטלערישער זיין בילד.

„צוריקגעקומען" איז אַ שטאַרקער פּראָטעסט קעגן אימפּעריאַליסטישע מלחמות. דער צוריקגעקומענער, בלינד־געוואָרענער מלחמה־אינוואַליד זימל וויל מער נישט פּראָווען קיין התבודדות, ער פאַרייניקט זיך מיט נאָך אַזעלכע קרבנות ווי ער, און צוזאַמען גרייטן זיי זיך צום קאַמף פאַר אַ בעסערן מאָרגן, פאַר אַ וועלט אָן מלחמות. אַ באַזונדערס שטאַרקן איינדרוק מאַכן דאָ די איבערלעבונגען און פּסיכישע רעאַגירונגען מצד דער אַלטער, אָרעמער, אומגליקלעכער מוטער און מצד דעם פרעמדן שכנישן אַרבעטער־מיידל, וועלכע דער אינוואַליד נעמט אָן פאַר זיין שוועסטער.

אַ צענטראַלן אָפּשניט פונעם קלאַסן־קאַמף־פראָנט, דעם פראָנט פון די קוילן־גרובן־אַרבעטער, שילדערט מיצמאַכער אינעם ראָמאַן „קוילן־

גרוב". הגם דער האָזיקער ראָמאַן איז נישט פריי פון געוויסע נאַאיוויקייטן, (למשל, דאָס ווייס־און שוואַרץ־שפּיל ביים כאַראַקטער־געמעל, אָדער דער פאַקט, וואָס איין זון פונעם אונטערנעמער איז ממש אַ מלאך), איז דאָך „קוילן־גרוב" געוועזן אַן ערנסטער שריט פאָרויס אין מיצמאַכערס גאַנג צום רעוואָלוציאָנערן רעאַליזם.

אין דער נאָוועלע „בלוט" דערציילט דער מחבר וועגן צוויי שטעטלשע יידן — אַ גביר און אַ וועגעלע־טרייבער, אַ „חסידל", ווי מען האָט עס גע־רופן אַמאָל. דער גביר ווערט שוואַך, קראַנק, און ער נויטיקט זיך אין אַ בלוט־טראַנספוזיע, ער שטרעקט אויס זיין אָרעם צום טרייבער, וועלכער וויל פאַרדינען אַ פּאָר גילדן. און דער סוף? דער גביר ווערט געראַטעוועט און לעבט, און דער וועגעלע־פירער, וואָס האָט געלאָזט זיך אויסצאַפּן דריי גלאָז בלוט פילט זיך שוואַך און שטאַרבט אַוועק. אויבנאויפיק איז עס אַ סימבאָליש בילד, אָבער אין תוך, אויף דער פאָן פון דער גאַנצער מי־ליע, וועלכע דער מחבר ברענגט אַרויס, ווירקט עס רעוואָלוציאָניזירנדיק.

אַ שטיל רירנדיקע טראַגעדיע פון אַן אַלטן, אָפּגעשוואַכטן אַרבע־טער, וועלכער האָט אַלע זיינע יאָרן אָפּגעהאָרעוועט און אַלץ פאַרן טייוול, שילדערט מיצמאַכער אין „יאַנקל וויביטקער". איצט טויג ער שוין נישט, וואַרפט אים דער האַרצלאָזער באַלעבאָס אַרויס פון דער אַרבעט. ביי אַ קליינבירגערלעכן שרייבער ווערט אַזאַ טעמע פאַרוואַנדלט אין אַ „בילד פון לעבן", ווייל — אַזוי מוז עס זיין, אַזוי איז שוין דאָס לעבן. מיצ־מאַכער דאַקעגן ברענגט אַרויס דעם געראַנגל פון אַזאַ „אומנוצלעכן מענטש" פאַר זיין קיום, פאַר זיין טראַגיקאָמישער פּאָזיציע. יאַנקל ווי־ביטקער וויל נישט אָפּטרעטן פון פּאָסטן, ער ראַנגלט זיך מיט ציין און נעגל, און דאָס נישט בלויז צוליב דעם, ווייל ער האָט נישט פון וואָס צו לעבן, נאָר קודם־כל — ווייל דאָס איז אַ פראַגע פון זיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג אויף דער וועלט בכלל.

אמת, עס פעלט אין דער וויביטקער־טראַגעדיע דער קלאַס, דער פראָפ־פאַריין, דער קאָלעקטיוו, אָט דער פאַקטאָר, וואָס טרעט שפּעטער אַרויס אין דער פּולבלוטיק־רעאַליסטישער דערציילונג „מענטשן".

אין אָט דער דערציילונג, וועלכע איז געוואָרן אַ באַליבטע לעקטור ביים באַוווסטזיניקן יידישן פּראָלעטאַריאַט אין פאַרמלחמהדיקן פוילן, האָט דוד מיצמאַכער ענדלעך געפונען דעם וועג צו זיך. ער האָט די זאַך אָנגעשריבן אונטערן איינדרוק פון די פאַרשאַרפטע קלאַסן־שלאַכטן פון פּוילישן און יידישן פּראָלעטאַריאַט, אונטערן רושם פון די כסדרדיקע

שטרייכן פון פּוילישע און יידישע אַרבעטער, בתוכם אויך פון די אָנגע־שטעלטע פון גזשיבאָווראַיאָן, ווו מיצמאַכער האָט געאַרבעט.

די גרעסטע מעלה פונעם בוך איז זיין פולשטענדיקע אמתדיקייט, זיין כמעט אויטענטישקייט. מיצמאַכער גיט דאָ א פּרעכטיקע געשטאַלטן־גאַלעריע הן פון יידישע בורזשויען, הן פון יידישע אָנגעשטעלטע. ער זאלצט נישט איבער אינעם קאמף און מאכט זיך די זאך אויך נישט לייכט. ער באפרייט זיך אין „מענטשן" פון זיין פריערדיקער שווערמוטי־קייט, פון דער מעלאַנכאָלישער שטימונג, וועלכע האָט אַנטשפּראָכן דעם מאָטיוו פון אומקום, דעם מאָטיוו פון אומגליקלעכן אינוואַליד און פון „אומנוציטיקן מענטש". אצינד, צוזאַמען מיט דער קאַמפּסלוסטיקייט, מיט וועלכער דער מחבר נעמט זיך איבער, קומט אויך דער סאַטירישער און הומאָר־טאָן. מיצמאַכער דערשיינט איצט ווי אן אייניקל פון אונדזער גרויסן שלום־עליכם, נאַטירלעך — אין אנדערע באַדינגונגען, אין אן אנדער היסטאָרישן פּעריאָד.

מיצמאַכערס באַלעבאַטים, וועלכע ווערן אזוי רעאַליסטיש געשילדערט אין „מענטשן", האָבן גענומען נקמה אין זייער טאַלאַנטירטן אָנגעשטעלטן. זיי האָבן אים אַרויסגעוואָרפן פון דער אַרבעט.

מיצמאַכער טרעט דעמאָלט אריין אין דער רעדאַקציע פון דער פּראָגרע־סיווער טאָג־צייטונג „דער פריינד", וועלכע ווערט נאָך טאָג־טעגלעכע רעפּרעסיעס, קאָנפיסקאַטעס און מסירות — סוף־כל־סוף, נאָך א יאָר עק־זיסטענץ, פאַרמאַכט דורך דער רעגירונג.

נאָך „מענטשן" קומט ביי מיצמאַכערן אויף א קורצער צייט א קינסטלערישער אָפּפאַל. עס דריקט ווידער אויפן שרייבער די שעדלעכע השפעה פון דער אַלגעמיינער ליטעראַרישער סביבה אין יענער צייט.

פון טעמפּן ווינקל ראַטעוועט מיצמאַכערן ארויס דער ביאַליסטאָקער סאָוויעטישער פּעריאָד 1939—1941. ער שרייבט דעמאָלט אָן א ריי קלע־נערע אַנטיקלעריקאַלע נאָוועלן און בילדער, און די גרעסערע פּאָלקסטימ־לעכע דערציילונג „די קאַפּעליע" — וועגן די צרות פון די יידישע פּאָלקס־מאַסן אין פּוילן בעת די אַמאָליקע כאָלערע־מגפות — ווו עס פלעכט זיך אדורך טראַגיק מיט גראָטעסק און פּאָלקסטימלעכקייט מיט קלאַסן־מאָ־מענטן.

דער ווייטערדיקער גאַנג פונעם שרייבער איז, ווי געזאָגט, איבערגע־ריסן געוואָרן דורך א פאַשיסטישע קויל.

דוד מיצמאכערס פּראָזע־שאַפונגען עפענען פאַר אונדז א שטיק ייִדיש לעבן אין פּוילן, וואָס איז פאַרשניטן געוואָרן דורכן היטלעריסטישן אָקופּאַנט, זיי באַגייסטערן אונדז גלייכצייטיק צום קאַמף פאַר א בעסערן מאָרגן, פאַר שלום, פאַר סאָציאַליזם, פאַר די אידעען, וועלכע זיינען געווען דער טרוים פון א סך העלדן פון דוד מיצמאכערס קינסטלערישע ווערק.

**ב. מאַרק**

# שמאטע־קלויבער

1

אלעמאל אין דער צייט, ווען פון דער פארנער אנאטעמדיקער זומער־נאכט שלייערט זיך ארויס א שטילער, רוזער פארטאג און דורך דעם בלאטיק־פארשטויבטן פענצטערל ציען זיך אריין אין טעמיע „האנדעלס" קעלער־שטוב יעטלעכע פאסיקלעך ווייכע, מאטע ליכט, — אלעמאל אין דער צייט פלעגט שוין געליע, טעמיעס ווייב, ארומארבעטן אין שטוב, אין אפרו, ווי א בין. פון דעם עמער מיט אומרייניקייטן, וועל־כער האט א גאנצע נאכט זיין ארט בײ דער טיר, פלעגט שוין לאנג קיין זכר נישט זיין. די באשפריצטע, צעשעדיקטע פאדלאגע איז שוין געווען צוגעקערט, און דאס ביסל ווירטשאפט — דאס קליינע געפעס־שענקל מיט די איינגעפאלענע טירלעך, דעם טיש און די באנק פלעגט זי ווישן מיט א שמאטע אזוי לאנג, ביז שטיקלעך פארב זיינען אפגע־שפרונגען פון האלץ. אין דעם אונטערגעהייצטן ליימענעם אייוועלע האט זיך שוין געקאכט א טאפ מיט שווארצער קאווע, און אויפן טיש איז שוין געלעגן א פריש־געבאקן ברויטל מיט א ברוינגאלדן שיינענדיק הייטל.

אין דער זעלבער צייט פלעגט טעמיע אוועקשארן פון זיך דאס שיטעריע, ברודיקע בעטגעוואנט, אראפגיין פון דעם וואקלדיקן הילצערנעם סקריפעדיקן בעט, ביזלעך אפגיסן די פינגער מיט „נעגל־וואסער", אוועקשטעלן זיך בײם פענצטערל און מיט פארמאכטע אויגן, געווענדט צום הימל, זאגן מיט כוונה „מודה אני", אזוי ווי זיין טאטע פלעגט טאן יעדן פרימארגן.

דערנאך גייט ער צום ווינקל און נעמט זיך וועקן זיין עלטסטן זון, ווינדערן, וועלכער כראפעט נאך געשמאק מיט א בראנז־פאר־שוויצט פנים אויף א קופע מיט שמאטעס.

ווינדער, וועלכער העלפט צו דעם טאטן אין דער פרנסה, — טאפ־טשעט א גאנצן טאג בײ די דארפישע און שטעטלדיקע מיסטקאסטנס,

— עפנט די אויגן מיט א ציטער פון עפעס א שרעקלעך נישט דער־חלומטס. ער הייבט עטוואָס אויף דעם קאָפּ מיט די פאַרקנוילטע, משונהדיק קאָלירטע האָר, קוקט א ווײַלע אויפן טאַטן און אויף אַלץ אַרום מיט א פרעמדן בליק און נערעט צוריק אַיין כראָפּענדיק דאָס פאַר־שוויצטע פּנים אין דעם הייסן שמאַטעס.

נאָר בעמיע שטייט נישט אָפּ, ער וועקט אים נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, ביז ווידער עפנט אויפסניי די פאַרקלעפּטע אויגן, בייגט אויס דעם קאָפּ צום פענצטערל, פון וואָס ס'איבערדרייסט זיך דאָס סלינע־פּעדעמל, וואָס ציט זיך פון זיין מויל צו די שמאַטעס; און נאָך דעם, ווי ער שלינגט אײַן די שמאַלציקע סלינע, פרעגט ער פאַרשלאָפן:

— שוין לאַנג טאָג?

בעמיע ענטפערט נישט, ער שטעלט אוועק לעבן ווײַגהערן דעם עמער, און דערלאַנגנדיק אים א שעפּ מיט וואַסער, זאָגט ער:

— וואַש דיר די נעגל און שטיי אויף.

ווידער פּלאָנטערט זיך אַרויס מיט שווערקייט פון דעם באַרג שמאַטעס, און דערזעענדיק אויפן טיש דאָס פרישע, דופּטיקע ברויטל, נעמט ער זיך גיכער אָנטאָן.

בעמיעס ווייב, די הויכע געליע, וועלכע מוז צוליב דער נידעריקייט פון שטיבל אַרומגיין א גאַנצן טאָג מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ, בעט דערווייל צו די בעטן, פאַרריכט דעם באַרג שמאַטעס, פון וועלכן ווי־דער איז נאָרוואָס אויפגעשטאַנען, קלאַפּט אויס הינטער דער טיר בײַדע זעקלעך, וועלכע דער טאַטע מיטן זון נעמען אין וועג אַרײַן, און... זוכט זיך אַלץ פרישע אַרבעט.

דערווייל צעשפּילט זיך אין דרויסן דער טאָג מיט א קינדערישער פריילעכקייט. די זון, א צעפלאַמטע, הייבט זיך אַלץ העכער און באַקליידט שטיקער הימלען מיט א הייסער גלאַנציקייט. דורך דעם אָפענעם לופט־משיק פון בעמיעס קעלער־שטיבל שטראָמט אַרײַן א בונט פלאַמיקע זון־שטראַלן, צעלייגן זיך אויף די פייכטע, גרינלעך־שימלדיקע ווענט, און אויף אַלץ, וואָס געפינט זיך אין שטיבל אין גיט עפּעס צו אַלץ א נייעם אויסזען.

בעמיע האָט שוין אָפּגעדאַוונט, צונויפגעלייגט דעם געלן, געלאַטעטן טלית, זיך געוואַשן די הענט און מיט כוונה געמאַכט א ברכה איבער א מוציא ברויט אַזוי ווי זיין פאָטער פלעגט טאָן. איצט דאַוונט ווידער מיט א צעקאַליעטשעטער עברי און קוקט שוין מיט קנאה, ווי דער פאָטער עסט, צוליב וואָס ער נעמט היפּן אײַנעם דאַוונען.

די מאַמע באַמערקט דאָס, שטעלט זי אַוועק אויפֿן טיש פֿאַר וויג־דערן אַ טאָפּ מיט הייסער קאַווע און שנײַדט אָפּ עטלעכע שטיקלעך ברויט.

— לאָז אים כאָטש אָפּדאַווענען, — גיט זיך בעמיע אַ לייכטן בייזער.

— ד'זעסט דאָך, אַז ער איז נעבעך הונגעריק, — מאַכט זי מיט אַ האַנט צום מאַן, אַז וויגדער זאָל נישט באַמערקן.

און אַביסל שפּעטער זײַנען שוין בײדע, פֿאָטער און זון, גרייט אין וועג אַרײַן. וויגדער שטייט שוין אין דרויסן הינטער דער טיר, אין דעם פֿינצטערן קעלער־פֿאַרהויז, און רופֿט אומגעדולדיק דעם טאַטן מיט אַ מאָדנע צעצויגן לשון:

— טאַטעו! ני קים שוין, טאַטעו! ד'גייסט?

בעמיע שטייט נאָך אין שטיבל, און עפּעס דערלאָזט אים נישט אַריבערצוטרעטן די שוועל, ווי ער וואָלט עפּעס פֿאַרגעסן מיטצונעמען.

וויגדער לויפֿט צוריק אַרײַן אין שטיבל און צעשרייט זיך מיט כעס:

— וואָס האָסטו געמאַכט דאָ אַ סטאַציע! פּנחסל מיט אַבען זײַנען שוין אוודאי פֿון לאַנג אָן דאָרטן און נעמען אַלץ צו!

אויף בעמיעס שטערן באַווײַזן זיך עטלעכע קנײַטשן, וועלכע ער חריקט צו מיט אַ האַנט. זײַן ווײַב, די הויכע געליע, העלפֿט אים זוכן, און מיט אומזיכערקייט ציט זי אויס אַ לאַנגע דאַרע האַנט צום פֿענצ־טער, אויף וועלכן ס'ליגן עטלעכע ספֿרים.

בעמיעס טונקל־בלויע אויגן הייבן פּלוצלינג אָן צו שמייכלען. ער גייט צו צום פֿענצטער־ברעטל, נעמט פֿון דאָרט אַ קליין ספֿרל און באַ־האַלט עס אין בוזעם אַרײַן.

און דער טאַטע מיטן זון פֿאַרוואַרפֿן אויפֿסניי די ליידיקע זעקלעך אויף די פּלייצעס. בעמיע לאָזט איבער זײַן ווײַב געלט צו קאָכן אַ יויש־קע, נעמט פֿון אַ ווינקל־שטוב דעם פֿאַרבלאָטיקטן שטעקן, און זיי פֿאַר־לאָזן דאָס שטיבל מיט אַ „גוטן־טאָג".

— אַ גוטן־טאָג, אַ גוט־יאָר! זײַט מצליח! — שרײַט זיי נאָך די הויכע געליע.

---

איצט ערשט, נאָך זייער אַוועקגיין, מאַכט זיך פֿאַר געליען אַ שווער שטיקל אַרבעט: צו וועקן און אַרויסטרײַבן פֿון שטוב בײדע יינגערע יונ־

גען — דעם הויכן סראַעל מיט דער פּאַרקרימטער פּליצע און דעם נאָך גאָר יונגיטשקן, פּאַרברוינטן הערשל מיט דעם קיילעכדיקן, ברוינעם בולקעפּנימל, — וועלכע דרייען זיך אַרום אַ גאַנצן טאָג ביי דעם אַלטן וואָקזאַל און טראָגן נאָך וואַליזקעס און פּעק נאָך די אָנגעקומענע סוח־רים, אָדער רייטן, זומער־צייט, פאַר אַ פּונט ברויט, צום טייך מיט אַ דראָזשקאַזשקע אַ פערד, כדי עס אויסצובאָדן.

איצט ליגן זיי ביידע מיט באַפּעדערטע קעפּ אונטער אַ ברודיק, שיטער בעטגעוואַנטל, וואָס זיי האַלטן אין אַ כסדרדיקן אַראָפּוואַרפן פון זיך, אין צעפּירן, שלאָפעדיקערהייט, די הענט אין פאַרשידענע קערפּער־טיילן און קראַצן דאָרט לאַנג.

גיטעלע שטייט איבער די יונגען מיט פאַרלייגטע הענט, דעקט זיי יעדע ווײַלע צו, לאָזט מינוטנווייז אַריין אַ לאַנגן, גערונצלטן פינגער אין דעם אָפּגעבליאַקעוועטן שייטל און דרייט זיך אומגעדולדיק אויף איין אָרט, ווענקנדיק די יונגען:

— נו, שטייט שוין אויף, שוין גרויסער טאָג.

דער אויסגעצויגענער סראָעל עפנט אַ האַלב אויג, גיט עפּעס אַ פּרעג, אַ פאַרשלאָפענעם „אָה" און כראָפּעט ווייטער.

גיטעלע ווייסט זייער מידקייט, האָט זי זיך אין זינען: „זאָלן זיי שלאָפן נאָך אַביסל. אויך צוג האָבן זיי שוין סיי ווי פאַרשפּעטיקט". און זי זוכט זיך אַלץ אַרבעט — אַ ווייש דאָס שענקל, אַ גלעט די באַנק, אַ קער די פּאָדלאָגע — און בעת־מעשה טראַכט זי, אַז היינט מאַכט מען ביי די רייכע גאָלדבערגס אַ „וועש", וועט זי, גיטעלע, ווי אַלעמאָל, אַהינגיין צוהעלפן איר טאָכטער, גנענדלען, וועלכע דינט שוין ביי זיי עטלעכע יאָר, און אַהין קומען וויל זי פרי, ביים אָנהייב, צוזאַמען מיט די געזונטע פּויערטעס וועשערינס, דעמלט, ווען די מאַדאַם גאָלדבערג ליגט נאָך אין בעט און אַ מיידל טראָגט אַרויס פון שלאָפצימער אַ זילבערנע טאַץ, אויף וועלכע ס'שטייט אַ לידיקע, אײַדעלע שאָל מיט אַ שטיקל מחיהדיק צוקער־געבעקס... און איך, טראַכט גיטעלע, וועל האָרטן אַ גאַנצן טאָג אַריינזאַפּן אין זיך די ריחות פון די געשמאַקע מאכלים, און די מאַדאַם גאָלדבערג וועט אַוודאַי אַ זאָג טאָן צו גנענדלען, אָנ־ווײַזנדיק מיט אַ האַלב־אויפגעהויבענער האַנט אויף גיטעלען: „געהענק, גנענדל, אַז היינט דאַרפסטו קאָכן מיטאָג פאַר נאָך איין פּערזאָן".

און גיטעלע כאַפּט זיך, אַז זי קאָן נאָך פאַרשפּעטיקן, בייגט זי זיך אָן איבער די יינגלעכס געלעגער, באַרירט סראָעלס קאָפּ און חזרט איבער־אַ פּאָר מאָל, מיט אַ העכער קול:

— סראַעל, שטיי אויף! מענטשן לויפן שוין צום זיבעטער צוג!

סראַעל כאַפּט זיך ראַפּטום אויף פון געלעגער און פרעגט חערשראָקן:

— האַ? וואָס? דער זיבעטער, זאָגסטו?

— יאָ, יאָ, — שאָקלט געליע מיטן קאָפּ.

דער זיבעטער צוג איז ביי סראָעלן דער וויכטיקסטער, ווייל ער קומט גלייך פון וואַרשע און ברענגט צו פירן רייכע סוחרים מיט גרויסע, שווערע וואַליזעס, ביי וועלכע עס כאַפּט זיך א גוטער גראָשן און אמאָל אויך א כוסה.

און דערפאַר כאַפּט ער זיך אזוי גיך אויף און שטעלט גלייך אויף די פיס דעם יונגן הערשל, וועלכער האַלט נאָך פאַרמאַכט די אויגן און שעלט מיט האַלבע ווערטער סראָעלן:

— אז די נעכפּע זאָל דעך דאַשלאָגן.

א פאָר מינוט דויערט ביי זיי דאָס אַרויפציען אויף זיך דאָס שוואַרץ־געפאַרבטע אָנטועכץ פון זאַקרשטאָף, און אַריינשטופנדיק אין דער קעשענע א שטיק ברויט, לאָזן זיי זיך מיט באָרוועסע, בלאָטיקע פיס אין א געלויף צום אַלטן וואָקזאַל.

— כ'על ענק היינט נישט אַראָפּברענגען מיטעק! — שרייט זיי נאָך די הויכע געליע.

---

ביי די רייכע גאָלדבערגס דויערט א וועש עטלעכע טעג, און אמאָל טאַקע די פולע וואָך.

און די טעג פלעגט געליע זייער פרי פאַרלאָזן דעם קעלער און שפּעט אָוונט אהיימגיין מיט א מיד־מאַטקייט אין אַלע אברים, מיטברענגענדיק פון דעם רייכן הויז פאַר איר מאַן מיט די זין א פעקל טייערע מאכלים, וואָס זי האָט ביי יעדן מאָלצייט אָפּגעשפּאָרט.

בעמיע מיט די זין פלעגן זיך אַפּריער גוט אָנזעטיקן די אויגן מיט די מאכלים און דערנאָך זיך נעמען עסן, פּאַוואָליע, מיט איינגעהאַלטנקייט, אזוי ווי מ'דאַרף עסן אַן איידל מאכל.

שטייענדיק א גאַנצן טאָג ביי דער באַליע, האָט געליע דאָס אַלץ געזען אין דעם זייפנבלאָזענעם וואַסער, און חערמאָנענדיק זיך, ווי בעמיע, נאָגט א גענדזן־ביינדל א האַלבע שעה און דערנאָך צעקייט ער עס מיט א צופרידן פנים, זאָגט זי צו איר געענדלען:

— ווייסטו וואָס, עפּעס קען איך איצט נישט עסן. פּאַק מיר איין ס'מיטעק.

גנענדל ווייסט, וואָס די מאַמע מיינט דערמיט, זי פּאַקט איין דעם מיטאָג און זעט, אַז די מאַמע זאָל חוץ דעם אויך האָ עסן.

דערנאָך וואַשט שוין אַ פּאָר מינוט גאָליע מיט אַ מער רויקערן קאָפּ, אָבער גלייך פאַרטראַכט זי זיך, שטייענדיק אָנגעלענט מיט ביידע הענט אין דער באַליע וועש: דאָס שטיבל האָט זי היינט רעכט נישט אויסגע־קערט, אויף אַלץ ליגט דאָרט אַוודאי אַ געדיכטער שטויב. און ביידע יונגען סראָעל און הערשל זיצן אַוודאי לעבן וואָקזאַל, אין ריניטשטאָק, קוקן מיט קנאה אויף די טרעגער, וועלכע וואַרפן אין מויל אַריין פולע לעפל מיט יושקע, וואָס די מאַמעס האָבן זיי געבראַכט, און אַליין עסן זיי ברויט מיט ציבעלע, וואָס זיי האָבן געקויפט ביי אַברהמטשען אין שענקל.

דאָס אַלץ אָבער דויערט נאָר עטלעכע טעג, ביז ס'ווערט פאַרטיק די „וועש" ביי די גאָלדבערגס. דערנאָך קערט זיך גאָליע צוריק אין קער לער אַריין צו איר שטענדיקער באַלעבאַטישקייט.

דאָס שטיבל איז אויסגעקערט, אַלץ איז אויפגערוימט, סראָעל און הערשל עסן יעדן טאָג, צוגלייך מיט אַלע טרעגער, פון טאָפּ אַרויס, און גאָליע שטייט אין אַ זייט, צווישן דעם רעדל ווייבער, און דערציילט זיי, וואָס מ'זעט זיך אַלץ אָן ביי די גאָלדבערגס.

„זאָרגט נישט, גאָליע, כ'האָב שוין פאַר געענדלען אַ שידוך". — אַזוי האָט איר געזאָגט די מאַדאַם גאָלדבערג.

און אַלע ווייבער, — מאַמעס פון דערוואַקסענע מוידן, זיינען זי מקנא.

2

טראַכט איצט טאַקע בעמיע וועגן יענע יאָרן, ווען זיין ווייב, די הויכע גאָליע, האָט נאָך געלעבט.

ס'איז שוין אַפילו אַ שיינע פּאָר יאָר, ווי זי, גאָליע, ליגט דאָרט אויפן אַלטן בית־החיים ביי אַ ווינקל פּלויט, נאָר ער, בעמיע, קאָן זי אַלץ נישט פאַרגעסן. עפּעס קומט ביי אים אויס, ווי גאָליע וואָלט מיט־גענומען אַהין זיינע הענט־אָנ־חפּים און ליבּ־און־לעבן און אים דאָ אַר־בעטגעלאָזט אין דעם שימלדיק־פּוסטן קעלער־שטיבל, נאָר צוליב דעם, כדי ער זאָל אין די שפּעט־האַרבסטיקע, רעגנדיקע טעג רק ליגן, ווי אַ געליימטער, אין דעם ביינלעך־סקריפּענדיקן בעט און מיט אַ פאַרפּלאָנ־טערט געוועב אין מוח טראַכטן וועגן איר:

„...האָט דעמאָלט גאָרנישט געהאָלפֿן דאָס אײַנעווייניקסטע געוויין, און געליע, די אײנ־און־אײנציקע געליקע, וועלכע האָט אַזויפֿיל יאָרן אונטערגעשפּאַרט דאָס שטיבל, איז טאַקע געשטאָרבן. און אַז די בעליקע איז אײַנגעפֿאַלן, האָט זיך גענומען שיטן פֿון סופּיט שטיקער ליים, די ווענט האָבן זיך אָנגעהויבן צו שיילן, און דאָס שטיבל ווערט חרוב”...

זעט ער זי טאַקע אויף טריט און שריט.

אין דער געדיכטער, ברודיקער טונקלקייט, מיט וועלכער דער הדריסן־פֿאַרוואָלקנטער, רעגנדיקער טאָג פֿאַרפֿולט דאָס שטיבל, זעט ער געליען, ווי עפּעס אַ שטיק נאָך מער בולטע טונקלקייט, ווי זי דרייט זיך אַהין און צוריק און מיט איר שטענדיקע אַרבעט: קערט אויס די פּאָדלאָגע, ווישט דאָס שענקל, שטויבט אָפּ די באַנק און זיפֿצט דערביי מיט אַזאַ זיפֿצנדיק קול:

„אוי, גאָטעניו... ווען עסטו שוין מאַכן גרינגער אונדזער לעבן”...

אָדער עס דאַכט זיך אַמאָל:

געליע רוקט צו די באַנק צום פֿענצטערל, זעצט זיך דאָרט אַוועק מיט אַביסל איבערגעוואַשן וועש, ציט אויס דעם געל־פֿאַרדאַרטן האַלדז און שטרענגט אָן די ראיה, כּדי צו זען ווי אײַנצופֿעדעמען אין דער נאָדל. נאָכדעם פֿאַרריכט זי פּאָר בעמיען מיט די זין אַ העמד אויף שבת און שמועסט זיך אויס בעת מעשׂה מיט ווער ווייסט וועמען, אָדער מיט זיך אַליין: „גנענדל איז דאָך שוין העט אין די יאָרן. די מאַדאַם גאָלדבערג זאָגט אַפֿילו צו, אַז גנענדל וועט מאַן אַ גוטן שידוך, מיט אַ לייטישן בעקער־יונג, וועלכן זי האָט שוין לאַנג אויפֿן אויג. נאָר זי וואַרט נאָך. זי קוקט זיך צו, צי דער בעקער־יונג איז טאַקע לייטיש, כּדי מ׳זאָל שפּעטער נישט חרטה האָבן; ווייל גנענדל איז ווערט אַ לייטישן מאַן”.

געליע קען דעם בעקער־יונג, מ׳האָט איר אים אַמאָל, אין אַ שבת־נאָכמיטאָג געוויזן, ווי ער גייט זיך אויף דעם אַקעגנאיבערדיקן טראָטואַר, אַ האַלב פֿאַרשלאָפֿענער, אין פֿאַרשטויבטע, לאַקירטע שיך און אין אַ געקעסטלטן אָנצוג. נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז בעריל יאַפּצאָקס יונג האָט זיך געשטעלט אין דער מיט אַריין. אָט דער יונג, וואָס יעדע פּאָר טעג גייט ער אויף מעסער־שטעך מיט עמעצן און צום סוף פּירט מען אים מיט אַ בלוטרטריפֿנדיק פּנים איבער די גאַסן אין פּאָליציי אַריין. אָט דעם יונג האָט זיך דווקא פֿאַרוואָלט גנענדל. און יעדן פֿאַרנאַכט וואַרט ער דאָרט אויף איר, ביי די גאָלדבערגס טויער, און גנענדל מוז אַראָפּגיין צו אים... און וואָס קאָן זי, געליע, טאָן — צו דערצו?

און אַז דעמלט פֿלעגן גראָד זײַן אין דרויסן אַזעלכע שװערע, סוף־האַרבסטיקע טעג, אין װעלכע ס'האָט רק גערעגנט מיט שטעכעדיקע שנירלעך, װאָס אַ קאַלט־נאַגנדיקער װינט האָט אױסגעשפּיגן אין אַלע זײַטן, און די אױבערפֿלאַך פֿון פֿאַרװײנטן שטעטל איז געװען איבערגעצױגן מיט אַ געדונצלטן, מאַט־טונקעלן גלאַנץ; און אַז צוליב די אומ־אױפֿהערלעכע פֿױלע װעטערן האָט זיך בעמיע ניט געקאָנט לאָזן אַיבער די דערפֿער נאָך אַלטװאַרג און געמוזט זײַן גאַנצע טעג אין שטוב און סאָרטירן די שמאַטעס — פֿלעגט דעמלט געליע פֿאַרענדיקן איר שמועס מיט זיך מיט אַ פֿראַגע צו בעמיען:

— און װאָס עט טאַקע זײַן דער סוף? קאָן מען דען צולאָזן, אַז דער יונג זאָל, חלילה, אומגליקלעך מאַכן די מױד?

בעמיע, װאָס איז דעמלט געלעגן אױף אַ קופּע שמאַטעס, האָט זיך אױף אַ װײַלע אױסגעגלײַכט מיט דער געבױגענער פּלײצע און איר געענטפֿערט:

— זאָרג ניט, געליע, ניט אַזױ גיך, װי אײנץ װיל מען. ס'איז נאָך דאָ אַ גאָט אין הימל, װאָס זאָרגט פֿאַר אַלע. װעסט שױן זען, אַז די מױד װעט זײַן באַשערט, װעט ער איר שױן צושיקן דעם רעכטן זיװוג.

געליע פֿלעגט דעמלט אַ קוק טאָן אױף בעמיען מיט אַ װײכן, פֿײַכטן גלאַנץ אין די אײַנגעפֿאַלענע אױגן, און לאָזנדיק אַ שװערע טרער אױף בעמיעס העמד, האָט זי זיך געטראַכט: „גאָטעניו, זאָל איר ניט טרעפֿן ערגער װי מיך".

און זײער אָפֿט, אין די טעג, מאָלט זיך בעמיען אַן אומגליקלעכער שבת, אַ שבת, װאָס איז שױן לאַנג פֿאַרשװוּנדן, לאַנג אַװעק און װעט שױן אװדאי מער ניט צוריקקומען.

פֿרײַטיק פֿאַרנאַכט, צוריקקומענדיק מיט װײַגדערן פֿון די אַרומיקע דערפֿער מיט צװײ גרױסע, אָנגעפּאַקטע זעק אױף די פּלײצעס, פֿלעגט בעמיע ניט דערקענען זײַן אײגן קעלער־שטיבל, װעלכעס האָט אױף יעדן שבת באַקומען אַן אַנדער אױסזען, אַזאַ, װאָס האָט זיך קײנמאָל ניט געטראָפֿן אין די זעקס װאָכנטעג. די װענט האָבן געגלאַנצט מיט אַ באַהאַלטענער ליכט; די געװאַשענע, צעשעדיקטע פּאָדלאָגע איז געװען באַשאָטן מיט קלאָרן זאַמד; דאָס שענקל מיט דער באַנק, װעלכע געליע האָט יעדן פֿרײַטיק לאַנג געשײַערט מיט אַן אױסגעדריבענער שטײפֿהאָריקער באַרשט, האָבן געגלאַנצט מיט װאַסער־פֿרישקײט; דער טיש איז געװען איבערגעדעקט מיט אַ טונקל, רײן טישטעך, אױף װעלכע ס'זײַנען געשטאַנען צװײ מעשענע לײַכטערלעך; די קופּע שמאַטעס, װאָס

אין איינדערוואַכנס צעשפּרייט איבער דער גאַנצער שטוב, איז געלעגן אויף איין אָרט אונטער אַ צעדרייוולטער קאָלדרע; אַ האַלב פּענצטערל איז געווען פֿאַרהאַנגען מיט אַ טונקל, ריין פֿאַרהענגל, און פֿון יעדן ווינקעלע אַרויס האָט זיך געשפּירט די שבתדיקע ליטוועליקע רויִקייט, וואָס קלייבט זיך אַריין, אויף איבער שבת, אין אַלע יידישע שטיבער.

און ווען ער, בעמיע, מיט וויגדערן זייענען אין דער גרעסטער איי־לעניש מיט הייסע, ברייענדיקע פּנימער און פֿײַכטע האָר צוריקגעקומען פֿון דער שוויצבאָד, פֿלעגן שוין אין די מעשענע לייכטערלעך שטעקן צוויי דינע חלב'נע ליכטלעך און געליע, שבתדיקע אָנגעטאָן, אין אַן אַלטן, בלומל־געשפּריצטן שלאָפֿראָק מיט אַ טונקל־ווייס פֿאַרטעכל, שוין האָבנדיק פֿאַרענדיקט אַלע אַרבעטן אויף שבת און וואַרטנדיק בלויז אויף ליכט־בענטשן, האָט יעדע ווײַלע געכאַפּט אַ בליק צום אויוון, צי דאָס טעפּל מיט דער יויך לויפֿט נישט אויס.

און דער צומאָרגנדיקער טאָג איז אַוועק אַזאַ רויִקער און אַנדאַגוֹת־דיקער. דער פֿאַרטאָג האָט נישט געפּיקט מיט קיין עול פֿון גיך אויפֿ־שטיין, ווען וויגדערן און אײַלן אין דאָרף אַריין, נאָך איידער פּנחס'ל מיט אבען ווילן אַהין אָנקומען. ער, בעמיע, מיט די זין זייענען אין יענע שבתים איפּגעשטאַנען צום ערשטן מנין, ווען אין אַ זייט הימל האָט שוין געהיצט אַ העל־פֿײַערדיקע זון, וועלכע האָט מיט אַ בלענדנדיקער העלקייט באַזילבערט נישט־באַשאָטנטע שטיקער ערד.

און צוריקקומענדיק פֿון דאַווענען, איז שוין דער קעלער געווען פֿאַר־פֿולט מיט אַ ריח פֿון טשאָלנט. דאָס איז געווען דער איינציקער טאָג אין וואָך, ווען דאָס גאַנצע בני־בית איז געזעסן ביי איין טיש, געגעסן צוזאַמען, און אַלע האָבן געהאַט עפּעס צו דערציילן: סראָעל מיט הער־שלען פֿון וואָקזאַל, בעמיע מיט וויגדערן פֿון דער אַרומיקער געגנט, און געליע — שטעטלדיקע נייעס.

מיט טיף באַהאַלטענעם זעקסטאָגיקן אומגעדולד האָבן אויך געוואַרט אויף דעם שבת בעמיעס דריי זין.

יעדן שבת, נאָך מיטאָג, איז גנענדל מיט נאָך צוויי חברטעס — קע־כינס, דיקע מוידן, מיט פֿולע, פֿאַרביקע פּנימער, געקומען אין קעלער אַריין, צו טאַטע־מאַמען געוואָר ווערן, וואָס זיי מאַכן „עפּעס גוטס". בעמיע פֿלעגט שוין דעמלט, האַלב־אויסגעטאָן, שלאָפֿן אין בעט, שווער עטעמען און מיטן גאַנצן קערפּער זיך דרייען אין אַלע זייטן, כדי צו פֿאַריאָגן די פֿליגן, וואָס האָבן אים יעדע ווײַלע געביסן אין אַן אַנדער אָרט.

נאָך א פּאָר מינוט רעדן מיט גנענדלען און איבערקוקן דאָס אָנטוהעכץ פון ביידע מוידן פלעגט זיך געליע ווידער אוועקזעצן ביים פענצטערל מיטן טייטש־חומש אין דער האנט.

דער יינגסטער פארברוינטער הערשל איז נאָכן עסן באלד אוועק. ער איז געלעגן ערגעץ הינטערן שטעטל אויף די לאָנקעס מיט זיינס גלייכן יונגע פעקל־טרעגער און גערעדט מיט די חברים וועגן די געפענ־טעטע פעריד, וואָס האָבן זיך ארום זיי געפּאשעט.

ווינדער, סראָעל און די מוידן פלעגן אויך גיין אויף די לאָנקעס, נאָר, אז דער הימל איז געווען באהאָנגען מיט שווערע וואָלקנס און דאָס גאנצע שטעטל איז געווען ארומגעהילט מיט אן אומרויקער טונקלקייט, זיינען זיי געבליבן אין קעלער, באזעצט די באנק און די קופּע שמאטעס און אָנפאנגס געקוקט נישט הרייסט און נישט הרייסט געהערט:

— זיי לייענען עפּעס מעשה־ביכלעך? — פלעגט סראָעל שטענדיק אנהייבן צו|ריידן מיט דער פראגע; און געווענדט האָט ער זיך צו איינע פון די דינסטמוידן און זיך באמיט, אז זיינע ווערטער זאָלן ארויסקומען וואָס פיינער, וואָס איידעלער.

— איך לייען נישט, נאָר מיין ברודער, וואָס איז אין אויסלאנד, האָט אזויפיל געלייענט, — פלעגט יענע שטענדיק ענטפערן דאָס זעלבע.

— ביי אונדז ליגן זיינע ביכלעך אָט אזא פּאַק.

ווינדער האָט קיינמאָל נישט געפונען קיין ווערטער עפּעס צו ריידן, אָטראָט האָבן זיך ציטערנט זיינע ליפּן, געוואָלט עפּעס זאָגן און פלוצלינג זיך פארמאכט. אפשר דערפאר, ווייל ער איז א גאנצע וואָך אונטערוועגס און א חוץ די ווערטער: „מאטקא! אויטשעץ!, וויפל ווילט איר פאר דעם ביסל? כ׳גיב אזויפיל” — רעדט ער גאָרנישט. און ווייל ער קאָן ווייניק רעדן, פלעגט ער קויפן אויף יעדן שבת אביסל געבראָטענע באניעקערן מיט דינע איריסן און מכבד זיין דערמיט די מוידן, צוזאָגנדיק דערביי א וואָרט, אין וועלכן ער גלייבט קוים, צי מ׳דארף אזוי זאָגן:

— געניסן זי.

און דערנאָך האָט זיך שוין געצויגן אן אומהיימלעכע און נודנע שווייגעניש. און געדויערט האָט עס אזוי ביז דער לאָמער פּסח איז אריינגעקומען און סראָעל האָט אים באגעגנט מיט א טענה:

— וואָס עפּעס אזוי שפּעט?

מיטן אריינקומען פון לאָמען פּסח האָבן זיך אלעמענס פּנימער געביטן און באקומען א מער היימלעכן און הרייסטערן אויסזען. אים, פּסחן, דעם עלטסטן פּעקל־טרעגער פון אלטן וואָקזאַל, האָט מען יעדן

שבת געריסן פון די הענט. יעדע שטוב האט אים געוואלט האבן יעדן שבת נאכמיטאג ביי זיך; ווייל דער לאמער פסח איז געווען דער איינ־ציקער צווישן זיי אלע, וואס האט געקאנט אין אויך זיין אנדערציילן עטלעכע מעשיות, אין פון די מעשה־ביכלעך האט ער געלייענט ווי א וואסער.

אין זיין אנוועזנהייט האבן זיך די מוידן געריטלט און פארשעמט. זיין מגושמדיק פנים מיט די קליינע סאזשעראיגעלעך האבן צו די מוידן שטענדיק געשמייכלט מיט א יצר־הרע־כוונהלע. און געערדט צו די מוידן האט ער צווידייטיק, אן שום חרפה:

— שוין צייט, פריילין, אז זי זאלן זיך לאזן אריינמאכן...

און נאך א ווײלע האט ער צוגעגעבן, פארהוסטנדיק זיך כלומרשט:

— הים... הים!... גאלדענע ציין... מיין ער.

און דערביי פלעגט ער אזוי חוצפהדיק און פארשייט שמייכלען, אז אלע האבן אראפגעלאזט די קעפ און זיך געשעמט איינס דאס אנדערע צו קוקן אין פנים אריין.

פונדעסטוועגן האבן זיך די מוידן געהנבעט מיט אים מער ווי מיט די איבעריקע. וויגדערן האט אלעמאל פארדראסן אויף אים. און ווען נישט דאס, וואס ער האט אזוי ליב געהאט צו הערן, ווי פסח לייענט פון א ביכל ארויס, וואלט ער אינגאנצן אוועקגעגאנגען.

אויך איצט האט דער לאמער פסח זיך אנגעהויבן צו וויצלען מיט די מוידן אויף זיין שטייגער. וויגדער האט אים אבער באצייטנס פארמאכט דאס מויל מיט א הויפן באנייעקערן און אנגעוויזן מיט א פינגער אויף פסח'ס א קעשענע, פון וועלכער ס'האבן ארויסגעשטעקט א פאר ביכלעך:

— ני, פסח, לאמיר הערן.

פסח האט זיך געלאזט אביסל בעטן און הערנאך ארויסגענומען איין ביכעלע און אנגעהויבן צו לייענען.

ער האט געלייענט א מעשה וועגן א בילדשיינער פרינצעסין, אין וועלכער ס'האט זיך פארליבט א וואלד־גזלן און אין איין פינצטערער נאכט האט דער גזלן ארויסגעגנבעט די פרינצעסין פון איר קרישטאלע־נעם פאלאץ און מיטגענומען זי מיט זיך אין זיין וואלד־הייל. געבענקט האט די פרינצעסין נאך איר שיינעם פרינץ, און גאנצע טעג מיט נעכט האט זי באוויינט איר ביטער מזל...

אלע זייטן געזעסן מיט אראפגעלאזטע קעפ, זיך געפונען ערגעץ אין יענעם וואלד, לעבן דער הייל, און וועלכער די פרינצעסין ליגט פאר־

שפּאַרט, און נישט באַמערקט, ווי אין שטיבל הייבט זיך שוין אָן צו שפּרייטן די אָוונט־טונקלקייט.

בעמיע האָט זיך שוין געהאַט אויסגעשלאָפן, און אַוועקשטעלנדיק זיך לעבן ווינדערן, האָט ער, ווי שטענדיק, אַ ווײַלע זיך צוגעהערט צו דער מעשה און צום סוף אַ לײַכטן ריר געטאָן ווינדערן אין דער פּלייצע:

— גיי שוין, נאַרישקייטן... קום, ווינדער, בעסער דאַווענען מנחה.

---

און איצט זעט בעמיע דאָס אַלץ מיט אַזאַ בולטקייט, גלײַך עס וואָלט נאָך געווען יענע וואָך, און די וואָך דאַרף עס אויך זײַן. נאָר באַלד ווערט זײַן מוח ניכטער, און אַ שטיק נאָגנדיקער טרויער צעלייגט זיך איבער זײַן צעבראָכן געמיט, העכפּאַר, ווײַל „דאָס אַלץ" איז שוין לאַנג אַוועק און וועט מער נישט צוריקקומען.

דער נײַגעבאָרענער, שפּעט־האַרבסטיקער טאָג האָט זיך מיט גאָר־נישט נישט אונטערשיידט פון נעכטיקן טאָג.

דורך דער געדיכטער טונקלקייט, מיט וועלכער דער פאַרטאָג פאַר־פילט דאָס שטיבל, באַטראַכט בעמיע, נאָך ליגנדיק אין בעט, אַלע שטוב־חפצים. ער פּרוּווט זיך פאָרשטעלן: וואָס, אַ שטייגער, וואָלט געליע גע־זאָגט, דערזעענדיק איצט דאָס אַלץ? דאָס געדיכטע באַשטויבטע שענקל, די מיט שפּינוועבס באַהאָנגענע שימלדיקע ווענט און די שוין לאַנג נישט געוואַשענע פּאָדלאָגע?

אַמאָל, באַלד נאָך דער מאַמעס טויט, פלעגט גנענדל יעדע וואָך זיך אַראָפּכאַפּן אין קעלער און ברענגען אין אָרדענונג דאָס פוילנדיקע שטיבל. נאָר מיט דער צײַט האָט זי דאָס אויפגעהערט. בערל יאָפּצאַקס יונג האָט אַלץ נישט געוואָלט אָפּטרעטן, און צוליב אים מוז דאָס שטיבל שימלען און פוילן. ער איז יעדן אָוונט אַהינגעקומען — צו די גאָלד־בערגס טויער, געוואַרט האַרט, ביז גנענדל איז צו אים אַראָפּגעקומען, און האָט זי געהאַלטן אין אײַנריידן, אַז זיי ביידע זאָלן חתונה האָבן און אַז זי, גנענדל, וועט בײַ אים זײַן גליקלעך. געליע וואָלט שוין געטאָן אַלץ אין דער וועלט און נישט דערלאָזט אַזאַ זאַך. נאָר ער, בעמיע, וואָס האָט ער געקאָנט טאָן? ער האָט זי טאַקע געוואָרנט מיט געליעס ווער־טער, אַז זי מאַכט זיך אומגליקלעך און אַז זי באַגראָבט זיך לעבעדיקער־הייט. און אַז גנענדל מיטן יונג זײַנען אַמאָל, אין אַ שבת, געקומען אין קעלער אַרײַן און דער יונג האָט געזאָגט: „רב בעמיע, כ'בעט אײַך אויף

אונדזער חתונה״ — האָט ער, בעמיע, ווי נאָך קיינמאָל, מיט אימפּעט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון אָרט, אויפֿגעפּראַלט די טיר און נישט מער ווי איין וואָרט אַרויסגעהייזעריקט: „אַראָפּ!״.

און היינט ווייסט דאָך בעמיע, ווי „גליקלעך״ עס לעבט זיך גנענ־דלען מיטן יונג דאָרט.

זיי וווינען ערגעץ אויסערן תחום פֿון שטעטל, אונטערן באַרג, אויפֿן ברעג פֿון דעם שמאָלשלענגלדיקן, ליימיק טייכל, דאָרט, וווּ ס׳וווינען אַלע שנאָרערס, טרעגער און קאַטאָרינאַזשעס. דער יונג לעבט זיך ווי אַלעמאָל. יעדע פּאָר טעג צעקיילט ער זיך מיט עמעצן, אָדער גייט אויף מעסער־שטעך. הערוואַקסענע מענטשן בלייבן שטיין אַ ווײַלע אויפֿן טראָטואַר, קוקן צו שמייכלענדיק, און חבֿרה יונגוואַרג לויפֿט נאָך מיט אַ פֿרייִלעכן ליאַרעם נאָכן יונג, ווען מ׳פֿירט אים מיט אַ בלוט־טריפֿנדיק פּנים אין דער פּאָליציי אַריין. און גנענדל הרגעט זיך דאָרט אַרום, אויפֿן ברעג פֿון טייכל, מיט אַ פּאַרסמאָליעט קינד ביי דער נאַקעטער ברוסט, הערט אויס דאָס „נייעס״ מיט אַן אײַנגעבאַקענער צוגעוווינהייט און דערמאָנט זיך אוודאי אַפּטמאָל אין דעם קעלער־שטיבל און אָן טאַטע־מאַמעס וואָ־רעניש.

---

אין דעם זעלבן פֿרימאָרגן, ווען ס׳האָט אויף אַ ווײַלע אויפֿגעהערט צו רעגענען, האָט אין אַ זייט מזרח־הימל עטלעכע מאָל עפּעס אַ בלישטש געטאָן. די זון האָט, ווייזט אויס, מיט געוואַלט זיך געוואָלט אַרויסרײַסן פֿון דאָרט און בשום־אופֿן נישט געקאָנט. זי האָט אַפֿילו אַ פּאָר מאָל אַ שמייכל געטאָן און צעגאָסן אַ מאַטע ליכטיקייט אויף אַ סך פּאַרמרה־שחורהטע פֿענצטער־שויבן, נאָר דער שמייכל איז געווען אַזאַ בלייך־פֿאַר־צווייפֿלטער, אַזאַ קראַנק־שווינדזיכטיקער, אַז ס׳האָט אַזש געריסן בײַם האַרץ.

און דער גאַנצער טאָג איז שוין אַזוי אַוועק, אין אַ רעגנדיקער טריבקייט, פּונקט ווי נעכטן.

אויך דאָרט, אין בעמיעס שטיבל, האָט ווײַלנווײַז אַ העלער פֿלעק אַ שײַן געטאָן אויף אַ ווינקל וואַנט. בעמיע האָט אויסגעבויגן דעם קאָפּ צום פֿענצטערל, געמיינט, אַז אין דרויסן שטעלט זיך אַ זוניקער טאָג, און שוין געהאַט בדעה אַראָפּצוגיין פֿון בעט. נאָר באַלד איז עפּעס ווי פֿינצטער געוואָרן. אויף דעם אָרט, וווּ נאָרוואָס האָט אַ העלער פֿלעק

אַרומגעטאַנצט, האָט ווידער געקאַפּעט דער ברודיק־גרינלעכער שימל, און מאָנאָטאָניש האָבן רעגנטראָפּנס ווידער גענומען פּיקן אין די פענצטער־שייבלעך.

איז כעמיע געבליבן ליגן אין בעט, געקוקט מיט א שטאַרן בליק אויף דער פּוילעניש אַרום, און דער האַלב אויסגעטריקנטער מוח זיינער האָט געטראַכט:

„אַט, יענץ ווינקל דאָרט, פון זיין לינקער האַנט, ווו סראָעל מיט העלישלען זיינען אָפּגעשלאָפן אַזויפיל יאָר, שטייט שוין ליידיק א היפּשע פּאָר חדשים. אַזוי לאַנג נאָך, ווי די גוטע אַלטע קוילער־שכנה פייגע פלעגט יעדן פרימאָרגן אַריינקומען צו כעמיען און שטיבל אָפּקאָכן א טאָפּ שוואַרצע קאַווע, פון וועלכער זי גופא האָט אויך געטרונקען, און א טאָפּ יושקע פאַר ביידע יונגען, — אַזוי לאַנג נאָך פלעגן סראָעל מיט העריש־לען אהיים קומען שלאָפן און אָפּגעבן א חלק פון פאַרדינסט דעם טאַטן, כעמיען. איז אָבער די אַלטע גוטע שכנה פייגע מיטאַמאָל קראַנק געוואָרן, זיך אַריינגעלייגט אין בעט און ליגט שוין אַזוי עטלעכע חדשים, ווערנדיק געהיט פון איר יינגסטער שוועסטערס א מיידל, און די יונגען האָבן דערשנאַפּט, אַז קיינער דאָ וועט שוין פאַר זיי נישט אָפּקאָכן דעם טאָפּ יושקע, קומען זיי נישט מער אהיים.

אין א פּאָר שעה אַרום וועט כעמיע, א באַלאָדענער מיט א זאַק אַלטוואַרג, אַהינגיין צו געשעלע שמאַמשאַש, כדי צו פאַרקויפן דאָס ביסעלע סחורה.

פון דעם אַריינפאָרטויער און ביז צום עק פון שמאָלן און לאַנגען פלאַץ ציען זיך אויף דער ערד צוויי געדרייטע, טיפע רעדער־איינשניטן פון די כסדרדיקע אַריין־און־אַרויספאָרנדיקע פורן. דער פלאַץ איז תמיד פאַרלייגט מיט ריזיקע קופּעס פאַרזשאַווערט אייזנוואַרג און פאַרשיידנ־קאָליריקע שמאַטעס, וועלכע גיבן פון זיך אַרויס דומפּיקע ריחות. אויפן עק פון פלאַץ שטייט א גרויסע, אָפענע, באַדאַכטע שאָפּע, ווו עס זיצן שטענדיק א פּאָר צענדליק אָרעמע קינדער און סאָרטירן אויס די אַלערליי שמאַטעס. פון פרימאָרגן ביז שפּעט אָוונט דרייט זיך געשעלע אַרום אויפן פלאַץ. דאָ קומט צו פאָרן א פור מיט שמאַטעס, און דאָ שיקט ער אַרויס א וואָגן מיט אַלט־אייזן. פון אַלע זייטן רופט מען אים. חברה שמאַטעס־קלייבער ווילן וואָס גיכער אָפּלייזן זייער זעקל אַלטוואַרג. און ער, געשעלע, דערלידיקט אַלע און האָט נאָך צייט יעדע פּאָר מינוט א קוק צו טאָן אהין צו דער שאָפּע און איבערצוחזרן איינס און דאָס זעלבע:

— קינדערלעך, נישט באַלעמוטשען.

צווישן די קינדער זיצט דאָרט אַ האַלב־פאַרזונקענער אין שמאַטעס ליפּע טרעגערס אַ ייִנגל. פון אים ווערט דאָס בעמיע געוואָר ווערן, אַז סראָועלן אין העלשלען האָט דער טאַטע זיינער, ליפּע, אַריינגענומען צו זיי אין שטוב. ליפּען גיבן זיי אַוועק דאָס פאַרדינסט, עסן דאָרט און שלאָפן, אויסגעבעט אויף דער פּאָדלאָגע. ביי ליפּען איז יעדע נאַכט היימלעך. אַלע פּעקל־טרעגער פון אַלטן וואָקזאַל קומען אַריין צו אים. ליפּעס ווייב, אַ פאַרקוואַרטע ייִדענע מיט ביטרע, גנבֿהשע אויגן, לייזט אָפּ יעדע נאַכט אַ היפּש קרעמל מיט צוקערוואַרג, און ליפּעס מיידן לערנען טאַנצן די יונגען, וועלכע ווילן ליבערשט מאַכן אַ קערטל מיט ליפּען, און זיי פאַרשפּילן אים ס'גאַנצע געלט ביי אַן „ערלעכער" שפּיל.

— הערט איר, רב געשעלע, צי וואָס מע באַוועט אויף יונגען, — זאָגט בעמיע.

— וואָס דאָרט, — ענטפערט געשעלע, האַלב פאַרנומען מיט זיך,

— אַ טאַטע ביסטו? ביי מיר, זעסטו, וואַלטעך אַזעלכע יונגען געקאַטעוועט מיט רויע רימענס.

---

נאָר סוף כל סוף מוז דאָך בעמיע אַראָפּקריכן פון דעם ביזלעך־סקריפּענדיקן בעט, אַרויפציען אויף זיך אַ פּאָר געלאַטעטע און ערטער־וויַז צעריסענע הויזן, און נאָך אַ סך מי אונטערהייצן דאָס האַלב־איינגע־פאַלענע ליימענע אייוועלע, כדי ס'זאָל כאָטש זיין אין דעם קאַלט־פייכטן פרימאָרגן אַביסל קאָכעדיק וואַסער די קישקעס צו דערוואַרעמען.

הינטער דער איקעגנאיבערדיקער קעלער־טיר מוז עס שוין האַלטן גאָר שלעכט מיט דער אַלטער, גוטער שכנה פּיגע. אין בעט ליגט זי שוין איצט אוודאי אַ קוים־עטעמענדיקע און האָט שוין געוויס נישט קיין כוח אויסצובייגן דעם קאָפּ עטוואָס און אַ זייט און קוים־קוים אויפ־הייבן אַ שווערלעכע האַנט — אַ צייכן פאַר איר שוועסטערס מיידל, אַז זי רופט זי, און צו איר זאָגן עטלעכע ווערטער, וואָס פאַרלירן זיך באַלד און איר קורצן אָטעם:

— גיי, זיסעלע, גוט קינד, אַריין צו בעמיען און קאָך אָפּ פאַר זיי אַביסל וואַרעם וואַסער.

און נאָך די ווערטער פלעגט זיסל אַריינגיין צו בעמיען, אַ ווײַלע בלײַבן שטיין ביי דער טיר און איבערחזרן דאָס זעלבע:

— די מומע האָט מיך אריינגעשיקט, כ'זאָל אָפּקאָכן פאַר אייך אביסל וואַרעם וואַסער.

און היינט האָט די אַכצניאָריקע בלייך־פּנימדיקע שלאַנקע זיסל די ווערטער פון איר מומען נישט געהערט, און סתם אזוי אריינגיין צו בעמיען און אונטערהייצן דאָס אייוועלע, נישט ווערנדיק געשיקט פון דער מומען, שעמט זיך נאָך אָט די אכצן־יאָריקע, גאָר קליינשטעטלדיקע זיסל.

און דער הרויסן איז נאָך אַלץ אזא טריבער, איינטאָניקרעגנדי־קער. און דער אומרו פון די פּיכט־שטעכנדיקע ווינטלעך דערציילט פון א סך נישט גליסטיקע צו אָט דעם פאַרוויינטן לעבן און פון א סך אזעל־כע, וואָס וואָלטן געוואָלט אָן איבעררייסונג אדורכשלאָפן אָט די אלע טעג.

בעמיע האָט שוין אויסגעטרונקען א טעפּל הייסע טיי, און איצט, שטייענדיק מיטן טלית־און־תּפילין אין האַנט, וועקט ער זיין זון:

— וויגדער, שטיי אויף.

וויגדער שטעקט אַפער פון אונטערן בעטגעוואַנט א באַפעדערטן קאָפּ, מאַכט זיך ווי שטאַרק פאַרשלאָפן און גענעצט אויס די שטענדיקע פראַגע:

— שוין לאַנג טאָג?

— יאָ, יאָ, ס'רעגנט. כ'גיי אין בית־המדרש אריין, — ענטפערט דער טאַטע און פאַרלאָזט דאָס שטיבל.

וויגדער בלייבט ווייטער ליגן אין בעט, קוקט אומאויפהערלעך צו דער טיר און טראַכט: עפּעס שלעכטס איז אוודאי געשען קעגנאיבער מיט דער אַלטער פייגע. וואָס אזוינס?

נאָך מיט א שעה צוריק, ווען בעמיע האָט אונטערגעהייצט דאָס אייוועלע, איז שוין ער, וויגדער, לאַנג געלעגן מיט אָפענע אויגן און־טערן בעטגעוואַנט. יעדן פרימאָרגן וועקט עם אים אזוי פרי אויף. אין דער געדיכטער שטאָקפינצטערניש, וואָס אונטערן בעטגעוואַנט, ליגט ער אזוי שטענדיק מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, זעט דאָס גאַנצע שטיבל און הערט, ווי ס'עפנט זיך שטיל די טיר און א ווייך, זיס קול זאָגט אַלע מאָל דאָס זעלבע: „די מומע האָט מיך אריינגעשיקט"... און דער־נאָך זעט ער פון א זייט, ווי זיסל שטייט אָן אָנגעבויגענע איבערן איי־וועלע, צעברענט דאָרט א פייער און שטעלט צו א טשייניק מיט וואַסער.

און היינט איז זי נישט אריינגעקומען. שוין א סך מאָל, ווי זי קומט נישט אַריין. און א סימן איז דאָס, אז מיט דער אַלטער פּיגע דאָרט האַלט שלעכט.

וועט ער טאַקע איצט אַזוי טאָן, ווי דעמאָלט, מיט א פּאָר וואָכן צוריק, ווען זיסל איז אין איינעם א פרימאָרגן נישט אַריינגעקומען.

ער דערמאָנט זיך, ווי אַזוי ס'האָט דעמאָלט אויסגעזען אַקעגנאיבער ביי דער אַלטער פּיגע.

ער איז אַריינגעקומען אין שטיבל — פּונקט אַזאַ ווי זייערס, נאָר א ריינערס און מיט א פּאַרבלאַטיקט פּענצטערל — געזאָגט א „גוט־מאָרגן" און געהערט, ווי פון א ווינקל אַרויס האָט אים דאָס ווייבעריש קול געענטפערט „גוט־מאָרגן". פּיגע איז געלעגן אין בעט אומבאַוועגלעך, קוים עטעמענדיק און האָט געקוקט אויף אים מיט קאַלטע מעטאַלענע, אויסגעלאָשענע אויגן. זי האָט קוים גערירט מיט די ליפּן, געפּרוּווט אויפהייבן א האַנט, און איר פלאַך, איינגעשרומפּן און צעקניטשט פּנים האָט געהאַט א קאָליר ווי פּאַראַיאָריק היי. ער האָט באַמערקט, ווי די אַלטע שיקט אירע אויגנאַפּלען אַהין דאָרט, אין ווינקל, וווּ זיסל איז געזעסן, און שטאַט צו זאָגן, און זי דאָרט וועט אים שוין אַלץ דערציילן. זיסל האָט אים טאַקע דערציילט, און יעדע נאַכט שרעקט זי זיך שטאַרק איבער צוליב דעם, וואָס די מומע הייבט פּלוצלינג אָן אַזוי שווער צו עטעמען און שפּעטער בלייבט זי שוין ליגן שטיל און אָן אָטעם, פּונקט אַזוי ווי איצט. ער, ווידער, ווייטער, נישט וויסנדיק, וואָס איר צו ענטפערן וועגן דער מומען, האָט ער איר גאָר גענומען דערציילן וועגן דעם, אַז שוין באַלד קנאַפּע צוויי וואָכן, ווי עס הערט נישט אויף צו רעגענען, און ער מיטן פאָטער קאָנען זיך נישט לאָזן איבער די דערפער נאָך אַלטוואַרג. און אביסל שפּעטער האָבן זיי שוין גערעדט גאָר פון זיך, פּונקט ווי די אַלטע פּיגע וואָלט שוין דאָ נישט געווען. זיסל האָט אים דערציילט, אַז זי איז א יתומה. זיי וווינען אין א גאָר קליין שטעטל, כמעט ווי א דאָרף; און אַז די מאַמע אירע האָט זי זייער שלעכט באַהאַנדלט. זי איז צופרידן, וואָס די גוטע פּיגע האָט זי דאָ אַהער גענומען. עסן פעלט איר נישט. דער מומעס א זון, לייב פורמאַן, האַלט זי אויס.

ער דערמאָנט זיך, אַז דעמאָלט האָט ער אויך געהאַט געוואָלט צו רעדן, נאָר עפּעס נישט געקאָנט. ס'ערשטע מאָל איז אים אויסגעקומען צו ריידן אויף אַזאַ אופן מיט א מיידל.

ער האָט דאָס אַלץ בולט געזען, קוקנדיק אויסמאָויסהערלעך צו דער טיר. און געטראַכט האָט ער, אַז איצט טאַקע וועט ער אויך אָנהייבן אַריינגיין צו דער אַלטער פּיגע.

.3

אָנהייב נאַכט האָט פּאַרוויסט די אויבערפלאַך פון שטעטל מיט א קלאָרן ליכטן שניי. א גאַנצע נאַכט, ביז א שטיק אין טאָג אַריין, איז ער אַזוי געפאַלן, שטאַרק געדיכט און פּעדער־אַרטיק. דער ערשטער ווייסער קלאָרער, קלעפּיקער שניי, וועלכער האָט געמאַכט נישט צום אונטערשיידן דעם הימל פון דער ערד און נישט צו זען עפּעס אויף עטלעכע שריט ווייטער פון זיך.

און מאָדנע שטיל איז געווען אין דעם ערשטן ווייסן פרימאָרגן. אָט באַווייזט זיך אין דעם נעפּלדיקן חלל פון א צעעפנטן טויער א שוואַרצער פלעק — א מענטש. ער בלייבט שטיין, ווערנדיק אויף א מינוט פאַרבלענדט פון דער דרויסנדיקער ווייסקייט. נאָכדעם נעמט ער שטעלן טריט און דעם שנייאיקן ים אַריין, ווערט צעוואָרשט געדיכט באַפּע־דערט און דערנאָך שפּאַנט ער שוין ווי א באַוועגלעכער שניי־מענטש.

לעבן אַלטן וואָקזאַל האָרט שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, און א צוזאַמענגעוואַקסן קופּקעלע, דראָזשקאָזשעס מיט טרעגער. זיי אָטעמען מיט אָנזעעוודיקע, וואַרעמע הויכן, רייכערן פּאַפּיראָסן און ריידן מיט א קול, וואָס ווערט באַלד דערדריקט פון דער אַרומיקער געדיכטקייט.

פּלוצלינג דערהערט זיך א מינוטיקער אומעטיקער פייף פון אָנ־קומענדיקן פּאַסאַזשיר־צוג. דאָס קופּקעלע מענטשן צעלויפט זיך, רייסט זיך אָפּ פון אָרט, לויפט אַהין, צום וואָקזאַל־טירל, און וואַרט: ווער אויף אָפּצוטראָגן א פּעקל, און ווער אויף א „פאַרשוין" אַריבערצופירן אים אין א נאָענט שטעטל אַריין.

---

ס'האָבן זיך שוין לעצטע שניי־פעדערלעך מיט א פּויל, אומגערן פאַלן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד. און אָנגעכמאַרעטער, שווערער הימל איז געהאָנגען גאָר נידעריק, און די פייכט־בלייעכע, קילע לופט האָט גע־שראָקן מיט אַן אומדערטרעגלעכער שמוציקער בלאָטע, וואָס וועט באַלד

ווערן פון אַט דעם שניי, און מיט אַ פרישן קלאָרן שניי, וואָס וועט זיך אויך באַלד פאַרוואַנדלען אין אַזאַ מין בלאָטע, און אַזוי כסדר...

נאָר דערווייל בלאַנקט דאָס שטעטל מיט אַ שפּאָגל־נייקייט.

די דעכער, וועלכע ווייזן נאָר אַרויס שמאָלע, שוואַרצע קאַנטן, זיינען הויך פאַרדעקט מיט אַ קלאָרן, לייכטן שנייקישן. די פענצטער פון דרויסן זיינען פאַרהאַנגען מיט ווייסע פאָרהענגלעך, און ווי נאָר אַ בוים, איז ער באַפּעלצט מיט אַ ווייסן פוטער, פון אונטער וועלכן ס׳קוקן אַפער שוואַרצלעך־טונקעלע קנאָכן.

איצט שטעקן שוין טיפע מענטשלעכע און פערדישע טריט אין דעם פרישן שניי און זיי ווערן וואָס אַמאָל אַלץ מער.

---

אין דעם טאָג, זייער פרי, האָבן זיך בעמיע מיט וויגדערן געלאָזט אין אַ נאָענטן דאָרף אַריין. וויגדער האָט געמאַכט אַזוי, אַז דער טאַטע זאָל פריער אַרויס פון קעלער, און אַליין האָט ער געעפנט די אַקעגנאַנ־בערדיקע טיר, געבליבן שטיין אינעווייניק ביי דער שוועל און ווי שטענ־דיק געפרעגט:

— וואָס מאַכט זי, די מומע פיגע?

זיסל האָט שוין געהאַט צוברענט אַ פלאַקערדיק פייער אינעם אייווע־לע, צוגעבעט איר געלעגער, אויסגעקערט די פּאָדלאָגע און, דאַכט זיך, נישט מער טאַקע ווי געוואַרט אויף דעם, אַז די טיר זאָל זיך עפענען און וויגדער זאָל אַריינקומען.

— ס׳איז שוין בעסער דער מומען, זי שלאָפט איצט רויק, — האָט זיסל געענטפערט, קוקנדיק מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן אויף דעם אָרט, וווּ וויגדער איז געשטאַנען.

וויגדער האָט נאָך געהאַט עפּעס צו פרעגן, נאָר געפרעגט האָט ער נישט, ווייל דער טאַטע האָט כסדר אַראָפּגערופן:

— וויגדער! וויגדער!

און אַז ער האָט שוין געעפנט די טיר אַרויסצוגיין, האָט זיסל גע־זאָגט, נאָך קוקנדיק אַלץ אויף דעם אָרט, וווּ וויגדער איז געשטאַנען:

— כ׳האָב עפּעס צו דערציילן. נאָר נישט איצט, אַ גיטן טאָג.

אין טויער האָט דער טאַטע מיטן זון אויפסניי פאַרוואָרפן די זעק־לעך אויף די פּלייצעס, מיט אַ פעסטקייט פאַרקלאַמערט די שטעקנס אין די הענט און מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ גענומען גיין לענגאויס דער גאַס,

טרעטנדיק מיט די שווערע שטיוול די בלאַנקענדיקע ווייסקייט, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט אונטער זייערע פֿיס.

זיי זיינען געדיכט באַשפּרענקלט געוואָרן מיט קלאָרע שנייעלעך און האָבן זיך שוין אַזוי באַוועגט, ווייס־געפּלעקטע.

אַט זיינען זיי שוין אויסערן שטעטל, דאָרט, וווּ ס'הייבן זיך אָן די ברייטע פֿעלדער, אויף וועלכע דאָ און דאָרט שטייט אַ הייזל, און ווייטער — נידעריקע, געדיכטע וועלדלעך.

נאָר איצט זעט מען גאָרנישט. אַ בלייענע בלענדנדיקע קלאָרקייט הילט אַלץ אַרום.

ס'קומט שוין שטענדיק אַזוי אויס, אַז ווינדער בלייבט עטוואָס הינ־טער־שטעליק, און אַז בעמיע וויל מיט אים עפּעס ריידן, מוז ער זיך אָפּ־שטעלן צוזוואַרטן אויף אים.

— מ'האָט, זעסטו, געהאַפּט אָפּטרעטן דרינען און זען, וואָס די אַלטע פּייגע מאַכט עפּעס, — זאָגט בעמיע.

אָן אַנדערשמאָל וואָלטן די ווערטער ווינדערן נישט געאַרט, נאָר איצט, גראָד ווייל ער קלערט טאַקע וועגן דעם, וואָס זי, זיסל, האָט אים צו דערציילן, האָט ער דערפֿילט, ווי דעם טאַטנס ווערטער גיבן אים אַ ברי אין פּנים.

— יאָ, ס'איז איר שוין אַ סך בעסער, פּייגען, — האָט ווינדער געענטפֿערט, — די זיסל האָט מיר פֿריער אַזוי געזאָגט.

און ווינדער טראַכט ווייטער וועגן דעם, וואָס זיסל האָט אים צו דערציילן. ער קאָן זיך שווערן, אַז ס'איז אוודאי דאָס, וואָס ער האָט די טעג דאָ געהערט, ווי פּייגעס זון, לייב פֿורמאַן, האָט זיך געריסן די קעל: „אַז אַזאַ מאָיד קאָן גיין דינען"... און ווען נישט די שעמעוודיקייט, וואָס האַלט איצט פֿאַרמאַכט זיינע ליפּן, וואָלט ער שוין געזאָגט צו בעמיען:

„ווי מיינסטו, טאַטע, מע וואָלט נישט געקאָנט מיטנעמען די זיס־לען אין די דערפֿער, זי זאָל אונדז צוהעלפֿן?".

נאָר ער וויל נישט, אַז דער טאַטע זאָל עפּעס מיינען. כאָטש אין בעמיעס מוח פּלאָנטערט זיך שוין לאַנג דאָס, וואָס ווינדער זיצט דרינען אָפּ, ביי פּייגען, גאַנצע שעהן און אַז ער קומט צוריק פֿון דאָרט, איז ער אַזאַ צופֿרידענער און גאָרנישט־זאָגנדיקער.

דער שניי האָט אויפֿגעהערט פֿאַלן. זיי האָבן אויסגעגלייכט די קעפּ און דערזען נישט ווייט פֿון זיך די ערשטע דאָרפֿישע הייזלעך, באַדעקטע

מיט שניי־פעלצן. די נידעריקע קוימענדלעך האָבן געאָטעמט מיט בלוי־לעכן רויך.

זיי האָבן אָפּגעטרייסלט פון זיך דעם שניי, פאַרגייכערט דעם גאַנג, מאַכנדיק אַלץ פרישע ריסן אין דעם קלאָרן צודעק.

די אָרומיקע אומענדלעך ברייטע און ווייטע פעלדער האָבן געב־לאַנקט מיט אַ בלוי־לעכער ווייסקייט, און דאָרט, גאָר ווייט, האָבן זיך שטיקער שוואַרצע אַנגעכמורעטע הימלען נידעריק אַראָפּגעלאָזט צו דער פעלדער־ווייסקייט.

ווינגדער האָט זיך מיטאַמאָל געגלייכט מיטן פאָטער און אָנגעוויזן מיטן שטעקן אויף אַ זייט פון וועג, וווּ ס'האָבן זיך געצויגן, אין עט־לעכע קרומע שורות, האַלב־פאַרשאָטענע פּוסטריט.

— כ'קען שווערן, טאַטע, אַז סי זייערע פּיס, פּנחס'לס מיט אַבעס.

— גיי שוין, גיי. פּנחס איז פאַרקילט, ער האָט געזאָגט, אַז ער'עט זיך היינט גאָר נישט לאָזן אין וועג אַריין. — ענטפערט בעמיע מיט זיכערקייט.

— יאָ, יאָ. די גלויב גאָר דעם גנב.

זיי זיינען שוין פאַרביי געגאַנגען עטלעכע הייזלעך, וועלכע האָבן געבליקט אין דרויסן מיט זייערע קליינע פענצטער־שייבלעך, עטלעכע מאָל אויסגעשריגן דעם גוט־איינגעזהרטן „שמאָטי קופּויען". גאָר אַ טיר האָט זיך אין ערגעץ נישט געעפנט.

— אַן איינפאַל געווען: לאָזן זיך אין אַזאַ שניי אין דאָרף, — מרוקעט ווינגדער בייזלעך. — כ'האָב דען נישט פריער געזאָגט, אַז סי בחינם ס'גיין.

— גיי און ווייס, אַז ס'עט זיך גאָניש מאַכן.

נאָר מיטאַמאָל בלייבן זיי שטיין פאַרחידושטע, דערהערנדיק, ווי דאָ גאָר נאָענט זינגט פּנחס'ל אויס, דריידלענדיק דעם צעצויגענעם ניגון:

— שמאַ־טי־קו־פּו־יען! קאָש־טשי־קו־פּו־יען!

— אַ, זעסטי שוין, זעסטי, — מרוקעט ווינגדער בייז, — זעסטי־שוין דעם גנב.

און באַלד באַווייזן זיי זיך, פּנחס'ל מיט אַבען, פון הינטער אַ הייזל אַפער. זייערע בליקן זוכן נאָך דאָ און דאָרט, צי עס עפנט זיך נישט ערגעץ אַ טיר, צי שטעקט נישט אַרויס דעם קאָפּ אַ פּויער אָדער אַ פּויערטע.

פּנחס'ל דערזעט בעמיען מיט ווינגדערן און גיט דעם שותּף זיינעם, דעם הויכן אַבע, אַ צי ביי זיין לינדיק זעקל.

— זע נאר, זיי ביידע זיינען דאָ.

און צוקומענדיק גאָר נאָענט, באַגעגנט זיי פּנחס'ל אויפן קול ווי קיינמאָל גאַרנישט:

— גוט־מאָרגן, בעמיע! אַן עבירה געווען ס'אַהערקומען! נאַ, זעסט, — שאָקלט ער אין דער לופט דאָס לײדיקע זעקל, און וועלכן ס'באַמבלט זיך אַ פאַרפוילטער שוך, וואָס ער האָט געפונען אַהערוועגס.

און זעענדיק, אַז בעמיע קוקט אויף אים פאַרדראָסיק, ווייל ער האָט אים נעכטן גענאַרט, נעמט פּנחס'ל שמייכלען ביטער און גנביש מיט זיין גאַנצן פלאַכן טייגיקן פּנים:

— אַז גאָט וויל נישט דער פּנחס'ל זאָל קרענקען. דער אויבן, וואָס כ'בין נישט ווערט צו מעלדן זיין נאָמען, זאָגט: „דיר, פּנחס קומט אָן מיט גענוג קרענקונג דיין שטיקל ברויט, דאַרפסטו דיך נאָך אַריינלייגן אין בעטל? נעבעך, הא?

דער הויכער אבוע, אַרומגעבעט מיט עטלעכע אַלטע געלאַטעטע מל־בושים, הוסט טרוקן און טעמפּ אין דעם קאַלטן חלל אַריין:

— כ'בעט אים איבערפרי: קום אין עטלעכע הייף אַריין, ווי שייך וועט זיך נישט עפּעס געפינען, ווייל ער דוקע אין דאָרף.

— וסי דען ס'ערשטע מאָל ווי מ'גייט בחינם? — זאָגט בעמיע. — אָט מיינט מען...

ווינדער רעדט גאָרנישט. ער האָט פיינט פּנחס'לען נאָך פון דעמלט, ווען ער האָט אים אַרייַנגערופן אין זיין צעקרימט שטיבל, כדי ער, ווינ־דער, זאָל נאָר אַ קוק טאָן, וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט אין דאָרף. פּנחס'ל איז אָבער דעמלט באַלד אַרויסגעגאַנגען פון שטוב און אים אי־בערגעלאָזט אַליין מיט איינער פון זיינע טעכטער, מיט דער מיאוסער, געשטופּלטער מויד, וועלכע האָט צעגליט זיין פּנים פון בושה מיט אירע בסדרדיקע חוצפּהדיקע רייד. און צומאָרגנס האָט נאָך פּנחס'ל אים גע־פרעגט מיט זיין ביטער־גנביש שמייכעלע, געבנדיק אים אַ גוטברודער רײשן שטאָך מיט צוויי פינגער אין אַ זייט אַריין:

— הע, ווינדע, זי געפעלט דיר עפּעס, מיין עטל?

פּנחס'ל געדענקט דאָס אויך, נאָר ער מאַכט זיך פאַרגעסן, און שטענדיק האָט ער צו אים די זעלבע טענה?

— הע ווינדע, אָסט טאַקע געמאַכט אַ נדר נישט אַריינצושמעקן צו מיר?

— ע... ע... — ענטפערט ווינדער, הייבנדיק די פּלייצעס.

— גייט מען, הייסט עס, צריך אהיים, — זאָגט דער הויכער אבע, אָנשטאָפּנדיק זיין קורץ האלב־פארברענט ליולקעלע מיט פארטריקנטע קאשטאן־בלעטער, וועלכע ער קלייבט אָן האַרבסט־צייט.

און אלע פיר, מיט ליידיקע זעקלעך אויף די פּלייצעס, גייען מיט דעם זעלבן וועג צוריק אין שטעטל אריין. די דריי באַבערדיקטע יידן גייען אין איין שורה, און ווינדער גייט הינטער זיי עטוואָס אין א זייט פון וועג.

פון מאָל צו מאָל וואָיעט פארביי א קאלטער ווינט, פאלדעוועט די ווייסע ערד־פלאך און צעשיט אין דער לופט א שנייאיקן שטויב.

פנחסל רעדט אריין אין בעמיען, און דער הויכער אבע שאָקלט בסדר צו מיט דעם פארפאקטן קאָפּ: „יאָ, יאָ" און שמאָטשקעט דאָס ליולקעלע.

— ב׳מיין, בעמיע, אינדערהאמתן, לאָמיר איינמאָל פאר אלעמאָל מאכן שותפות און פּטור; סי דאָך גלאט א חרפּה פאר יעשון, אז אינגע זאָלן מיר זיך שטענדיק ארומקניגן און ארומרייסן איבער א שמאטקע, הא, ווינדע, וואָרעם זאָגסטע?

— כ׳וויים, לאָז דער טאַטע זאָגן.

בעמיע קלערט נישט לאנג און ענטפערט:

— גוט, סי געמאכט.

— לאָז זיין מיט מזל און הצלחה.

און אָט ענדיקט זיך שוין דער קלאָר־ווייסער שניי־וועג, און ס׳הייבן זיך אָן צו קרימען די ערשטע שטעטלדיקע געסלעך, וועלכע טונקלען זיך אין די הייזער־שאָטנס. דער צעטראָטענער און צעפּאָרענער שניי אין שטעטל איז שוין וואסערדיק און ברודיק און שמעקט שוין מיט א טיר־פּער בלאָטע...

אין דעם זעלבן טאָג האָט זיך דאָס געזונט, נאָך אן עטלעכע־חדשימדיקן ישוב־הדעת, א פארשעמטס און מיט צוריקגעהאלטענע טריט זיך צוריק ארייגעקליבן אין דער אלטער פייגעס בייכער אריין, אירע קאלטע האלב־אויסגעלאָשענע אויגן מיטן פּנים אירן, און וועלכן ס׳איז אריינגעקנייטשט קנאפּע זיבעציק יאָר מוטשענדיק לעבן, האָבן גענומען בליקן מיט וואָרעמקייט. דערפילט האָט די אלטע, ווי אונטער איר טרו־קן־איינגעשרומפּענער הויט נעמט עפּעס האסטיק פליסן מיט א שוין לאנג נישט דערפילטער אָנגענעמקייט, און עס איז איר גרינגער געוואָרן זיך ארומצוהילן מיטן שיטערן בעטגעוואנט, אויסצוביגן דעם קאָפּ, אויפ־צוהייבן א האנט און, אמת, דערווייל מיט א שוואך קול, צורופן זיס־

לען, וועלכע זיצט שוין דאָרט אַף שעהן לעבן דעם איינגעהייצטן אייוועלע, אַ פאַרקלערטע, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— טייער קינד, זיסעלע, קום נאָר אַהער.

זיסל האָט אויסגעגלייכט דעם קאָפּ, און די ערשטע רגע האָט זי געמיינט, אַז דאָס דאַכט זיך איר נאָר אויס. דערזעענדיק אָבער דער מומעס פאַרלעגן שמייכלדיק פּנים מיט דער ציטערנדיקער, עטוואָס אויפגעהויבענער האַנט, איז זי צוגעגאַנגען צום בעט, געקוקט איר גלייך אין פּנים מיט צופרידנקייט, אָבער אויך מיט שרעק, ווייל אַ געדאַנק האָט זיך איר איצט גראָד פאַרטשעפּעט אין מוח און דערמאָנט אין אַ זאַך, וואָס זי האָט אַמאָל געהערט, אַז עטלעכע מינוט פאַרן טויט ווערט דעם מענטש אַזוי גוט, אַז ער דערפילט זיך כמעט ווי געזונט, פּונקט ווי די העלע אויפלויכטן פון דעם צאַנקענדיקן ליכטל פאַרן אויסלעשן זיך.

און די אַלטע פייגע, ווי וועלנדיק זיך אָפּנעמען פאַר דער גאַנצער צייט שווייגן, האָט כסדר גערעדט מיט אַן אָנמעכטיק שוואַך קול. זי האָט זיך אויסגעפרעגט אויף אַלץ און אויף אַלע, און איבערהויפּט, וואָס עס מאַכן עפּעס דרינען בעמיע מיט ווינדערן און צי זי, זיסל, גייט נאָך יעדן טאָג אַריין אָנטערהייצן דאָס אייוועלע און ברענגען אַביסל אין אָרדנונג דאָס פּוילנדיקע שטיבל, „ווייל זיי, בעמיע מיט ווינדערן, קינד מיינס, זיינען דאָך אַזעלכע ערלעכע ווילדע מענטשן און האָרעוואַן, נעבעך, אַזוי שווער אויף דעם שטיקל ברויט”.

— יאָ, און ער, לייב מיינער, וואָס האָט ער זיך עפּעס די טעג דאָ אַזוי צעשריגן? וואָס וויל ער, אַז דו זאָלסט גיין דינען און האָבן אפשר אַזאַ סוף ווי גנענדל, נעבעך, וואָס געליע, ווען זי וואָלט געלעבט, וואָלט זי זיך אוודאי לעבעדיקע שטיקער אויסגעריסן. און, צווייטנס, ווייל איך אים נאָר פרעגן איין זאַך: צי פאַרלאַנגט ער, אַז איך, זיין אַלטע קראַנקע מאַמע, זאָל יעדן טאָג שלעפּן פון דריטן הויף אין עמער וואַסער? אדרבא, זאָל ער זאָגן, צי ער פאַרלאַנגט אַזוי.

נאָר אַפּנים, אַז די אַלטע פייגע האָט שוין צופיל זיך צערעדט, און געשטראָפט איז זי געוואָרן באַלד אויפן אָרט מיט אַ היפּשווײלנדיקן, שטיקנדיקן הוסט. און אַז דער הוסט האָט זי אָפּגעלאָזט, איז איר קאָפּ שווער אַנידערגעפאַלן אויפן קישן, און אינגאַנצן איז זי שוין געבליבן ליגן אויף איבער אַ שעה צייט, אַ שווער עטעמדיקע, פּונקט ווי נעכטן.

זיסל האָט איר געגעבן צו טרינקען אַביסל זיסע וואַסערדיקע מילך, און זעענדיק, ווי עס ווערט דער מומען בעסער, איז זי געוואָרן באַרויקט, זיך צוריק אַוועקגעזעצט ביים אייוועלע און געקלערט.

זי האָט געזען דאָס גאָר קליינע שטעטל, אין וועלכן זי איז אויסגעוואַקסן. אַ קליינער מאַרק איז דאָרט פֿאַראַן מיט אַ פּאָר זייטיקע שמאָלע געסלעך. און אַרום שטעטל שפּרייטן זיך דאָרט זאַמדיקע פֿעלדער און געדיכטע שוואַרצע וועלדער, און אַ ברייטער טיפֿער טייך פֿליסט דאָרט. און דאָס אַלץ קוקט פֿון אייביק אָן אַרויף צו די ווייטע הויכע בערג, וועלכע צוימען אַרום דאָס שטעטל, ווי עס וואָלט זיך געבעטן: נעמט מיך אַרויף העכער. און צום סוף פֿון אַזאַ שמאָל געסל שטייט דאָרט אַ הילצערן הויקערדיק הייזל, אַ פֿאַרבלאָטיקט פֿון דרויסן און חושכדיקס פֿון אינעווייניק. זי געדענקט די שטענדיקע געשרייען און געוויינען אין אָט דעם הייזל. דער טאַטע אויער מיט דער ווייכער בלוילעכער נאָז, וועלכער איז געפֿאָרן ביי יענעם מיט אַ בויד, איז שטענדיק אַהיימגעקומען טויט־שיכּור. און די פֿאַרדאַרטע קרענקלעכע מאַמע, — וועלכע האָט אים איבערגעלעבט, — פֿלעגט נעמען אויסוויינען ביי אים אַ פּאָר גראָשן אויף ברויט, האָט ער זיך געכאַפּט צו שלאָגן. און זי געדענקט נאָך, זיסל, אַז ביי דער לוויה האָט זיך די מאַמע פֿונדעסטוועגן געריסן די האָר פֿון קאָפּ און געשריגן: „אַזאַ ליבטיקער מאַן". און אויפֿן בית־עולם האָט זי זיך געוואָלט אַריינוואַרפֿן אין דעם פֿריש אויסגעגראָבענעם קבֿר און געיאָמערט מיט ביטערע טרערן: „וואָס טויג מיר שוין מיין לעבן!" און די מאַמע לעבט, מוטשעט זיך דאָרט אין קליינעם שטעטל מיט עטלעכע נישט־דערוואַקסענע קינדער. און אַז עס קומט צו רייד וועגן טאַטן, דערמאָנט זי אים שטענדיק צום גוטן.

דרויסנדיקע טריט האָבן איר איבערגעריסן דאָס קלערן. אָט קומט ער אָן, וויגדער. זי וועט אים מאַכן איצט אַלץ דערציילן: וועגן דעם, אַז לייב פֿורמאַן, דער מומע פֿייגעס שפּייזער, וויל דריקע, אַז זי, זיסל, זאָל גיין דינען. און זי, אָנשטאָט צו גיין דינען ביי פֿרעמדע מענטשן, וועט זי שוין בעסער, ווי אַ סך מיידלעך, ווי זי זעט דאָ, אַרבעטן ביי די שטעטלדיקע מיסטקאָסטנס און אַזוי אַרום זיך פֿאַרדינען איר שטיקל ברויט.

---

צוריקקומענדיק פֿון דאָרף, איז וויגדער, אָפּטרעטנדיק ביי זיך אין שטיבל נאָר אויף אַ פּאָר מינוט, כדי אַוועקצולייגן דאָס זעקל מיטן שטעקן, גלייך אַריינגעגאַנגען אַקעגנאיבער צו דער אַלטער פֿייגע.

דעם טאַטן, פּנחס'לען און אַבען האָט ער דאָרט געלאָזט שטיין אין סאַמע אָנהייב שטעטל, לעבן כּאַסקלס גרויסער שענק, וועלכע באַווייזט זיך חוצפּהדיק פאַר דער גאַס מיט די עטלעכע העל־פאַרביקע שילדן, אויף וועלכע עס זיינען לעבעדיק אָנגעמאָלט א זודיקער סאַמאָוואַר מיט, א ווייס־פאַרשוימטע גלאָז ביר, א ברוין געבראָטן גענדזל און נאָך א סך ניערע מאכלים, וואָס ציען אַריין אינעווייניק דעם פאַרבייגייער.

פּנחס'ל האָט זיך אָפּגעשטעלט דער ערשטער און גענומען ציען בעמיען ביים אַרבל, אז מע זאָל אַריינגיין צו כּאַסקלען און מאכן א „שהכּל" איבער אָט דעם היינטיקן שותּפות, וואָס זיי האָבן געמאכט.

דער היכער אבע, דער שטענדיקער שווייגער, האָט כּסדר געגאַנגט דאָס דורכגעבראָכטע ליולקעלע און גאָרנישט גערעדט. אים איז אַלץ איינס. און בעמיע האָט זיך געוועדט, דייקע געוואָלט, אז פּנחס'ל זאָל אים אָפּלאָזן דעם אַרבל, און בעת מעשה עפּעס גערעדט אין פאַרלעגנ־הייט:

— א שאָד, בנאמנות, דאָס צענערל קאַליע צו מאכן, אזא ביטערע צייט.

נאָר וואָס ס'איז געוואָרן דער סוף, ווייסט ער נישט, ווייַדער, ער האָט זיי דאָרט געלאָזט שטיין לעבן דער שענק, פון וועלכער, בעת מ'עפנט די טיר, זעצט אַרויס א וואַרעמע פּאַרע, און אליין איז ער דאָ אהער גע־קומען, כּדי צו הערן, וואָס זיסל וויל אים דערציילן.

זיצט ער שוין דאָ אזוי ביים וואַרעמען אייוועלע, לעבן זיסלען, הערט קוים ווי דורך א דיקער וואַנט זיסלס רייד און דערפילט צייטנווייז אזא מין ווייטע אומגלייבלעכע צופרידנקייט.

ווייל אים דאַכט זיך נאָך אַלץ אויס, אז נישט זיסל רעדט, נאָר ער אליין מיט זיך, פּונקט ווי מיט עטלעכע שעה פריער, טאַפּטשענדיק אין שניי אהער־וועגס פון דאָרף.

אין זיך האָט ער זיך אויסגעטענהט מיט זיסלען אָט אזוי:

„כ'מיין דאָס אָן געלעכטער. קומען זי מיט אונדז אין די דערפער".

און זיסלס ענטפער האָט ער לאַנג געזוכט אין זיך, ביז ער האָט גע־פונען, וואָס, אייגנטלעך, קאָן זי אים דערויף ענטפערן:

„זי מיינען, ווייַדע, אז איך שעם מיך? אָסור, ווי חזיר. נאָר ווי אזוי, אז די מימע ליגט קראַנק".

„און איך מיין דען שוין היינט? אוודאי מוז די מימע פריער גע־זונט ווערן".

נאָר עפּעס האָט אים ס'האַרץ פריער געשראָקן. אפשר וועט זי אַנ־דערש זאָגן? און דאָס האָט אים אויף אים אָנגעוואָרפן אַ שטיק מורע.

און איצט זיצט ער דאָ לעבן זיסלען, דרייט אָן אויפהער אַ בינטל צווייטן, וואָס הענגען אַראָפּ פון זיין צעדריוולט רעקל, און הערט, ווי זי, זיסל, רעדט מיט איר אייגן קול:

— אַז כ'שווער אין, איך זאָל אַזוי לעבן אין די מימע זאָל אַזוי באַלד אין גיך אַראָפּ פון בעט, ווי כ'זאָג די וואָרהייט. וואָס דען? אויס־הערן יעדן טאָג, ווי אַזאַ ליב קומט אַריין צו אַ קראַנקער מיטער און גע־וואַלדעוועט, אַז איך נעם אים צו דעם ביסן ברויט פון זיינע קינדער? אַ נאַר על איך זיין, אַז כ'קען מער פאַדינען, וואָס?

און ווינדער האָט נישט אַרויסגעוויזן די שטאַרקע פרייד, וואָס האָט אים אַרומגעכאַפּט, נאָר ער האָט געענטפערט ווי קיינמאָל גאָרנישט:

— אוודאי זיינען זי גערעכט. כ'האָב אין שוין דאָס פון לאַנג גע־וואָלט זאָגן.

און דרויסן האָט זיך דערווייל פאַנאַנדערגעוויקלט אַ געדיכטע נאַכט־שוואַרצלעכקייט, וועלכע האָט מיט אַ גלאַנציקער טונקלקייט באַקלעפּט די שויבן און פינצטער געמאַכט אין שטיבל.

ביידע האָבן ווי פאַרגעסן, אַז לעבן זיי, אין בעט, ליגט שטיל די אַלטע פייגע. זיי האָבן דערפילט אַ קילן ציטער, דערהערנדיק מיטאַמאָל פייגעס שוואַכלעך קול:

— שוין צייט, זיסעלע, אָנצוצינדן ס'לעמפּל.

און מיט אַ נאָך שוואַכער קול האָט די אַלטע געזאָגט ווי צו זיך:

— כ'האָב אַלץ געהערט, אַלצדינג. לאָמיך נאָר אַראָפּ פון בעט אַ געזונטע.

און ביידע האָבן דערפילט, ווי די שעמעוודיקייט וואַרעמט זיי די פנימער.

## 4

אין משך פון עטלעכע וואָכן צייט האָבן זיך געצויגן קורצע, איינ־געשרומפּענע ווינטערטעג.

אַ העלע נאַכט האָט גענומען עטעמען מיט שטאַרער קעלט און פאַרטריקנט די אַוונטיקע ברוינלעך־שנייאיקע בלאָטע. און די זעלבע נאַכט האָט דערנאָך מיט רעגלמעסיקייט גענומען פעדערן מיט קלאָרע שנייעלעך

און זיך באמיט, אז דער ניי־געבוירענער טאָג זאָל אין האַלבער נעפּלדי־קייט אַרומבלאָנקען איבער ווייס־באַשנייטע גאַסן און הענער.

פּריסטלדיקע פאַרטאָגן האָבן זיך איבערגעגעבן צו לינד־לופטיקע טעג, וועלכע האָבן אונטער וואָגן־רעדער צעמאָלן דעם שניי אין בלאָטיקן זאַמד, געוואַסערט אונטער די טריט און אָנגעפילט דעם אַרום מיט שווערער גרויקייט.

שטיל, אויסגעשטאָרבן, ווי אין א פאַרלאָזענעם העק, זעט איצט אויס די געגנט אונטערן באַרג. צוויי טיפע רעדער־איינשניטן ציען זיך אויפן וועג, האַרט לעבן באַרג, און דערמאָנען מיט זייער גלאַנציקער גע־פרעסטקייט, אַז נישט לאַנג צוריק איז דאָ א שווער באַלאָדענער סקריפּענ־דיקער וואָגן אַדורכגעפאָרן. די לאַנגע שורה נידעריקע הייזלעך שטייען דאָ ביז אין דער העלפט אין שניי, קוקן מיט שטומע גרויע פענצטער־שייבלעך צום אַקעגנאיבערדיקן באַרג, ווי זיי וואָלטן זיך געבעטן: „נעם אונדז אַרויס פון אָט דעם טיפן שניי". און נאָר די טריט ביי יעדער טיר און די שוואַרצלעכע רויכלעך, וועלכע שלענגלען זיך פויל־דרימלענדיק פון מאַנכע קוימענדלעך, דערמאָנען, אַז אין אָט די הייזלעך געפינען זיך איצט לעבעדיקע מענטשן.

א ייִדענע, א פאַרשלומפּערטע און פאַרשמייעטע, שטייט איצט מיט מוראַדיקער אָנגעדולד ביים אונטערגעהייצטן אויוון און היט אָפּ דעם טאָפּ יושקע, כדי אים אָוועקצוטראָגן אין מאַרק אַריין, ווו דער מאַן איהער, א טרעגער, מיט די זין שטייען פון פרי אָן, הערן זיך איין יעדע ווײַלע, צי עס פאָרט נישט אָן פון ערגעץ א וואָגן מיט לאַדונג, און כדי זיך צו דערוואַרעמען, קלאַפּן זיי זיך מיט די הענט אין די באָקעס.

א ייִד, א בלינדער, מיט שמאָלע ווייסל־שפּעלטלעך אָנשטאָט אויגן, און אין אויסגעטריקנטער ווי דער אָפּגעשיילטער פּעפּער־שטעקן זייַנער, מיט וועלכן ער פּרוווט די זיכערקייט פון דער ערד, אײדער ער שטעלט א טראָט, זיצט איצט ביי א קוים טליענדיק אייוועלע, געדענקט, אַז מאָרגן איז האָנערשטיק, רעכנט זיך איבער און געדאַנק די אַלע הייזער, ווו ער באַקומט א נדבה, און סוף כל סוף חזרט ער אַלץ איבער די זעלבע פראַגע: ווי לאַנג נאָך, גאָטעניו, דאַרף זיך מוטשען אויף דער וועלט אָט אַזא בלינדער זקן?

אין איינעם אַזא הייזל, וואָס קוקט מיט א שיקלדיק פענצטער־שייבל צו דעם שיין לאַנג פאַרפרוירענעם טייכל, וויינט גנענדל און ציילט מיט א פאַרחלשט האַרץ שוין דעם הײַנטן טאָג, ווי איהער מאַן איהער, בערל יאָפּ־צאָקס יונג, קומט נישט אַהיים צו גיין.

אין הדרייסן פאר דער טיר ליגט א הויכער, נישט צועטראָטענער שניי — א סימן, אז קיינער איז נאָך היינט נישט אַרויס און אַריינגעגאַנגען אין אָט דעם שטיבל. און אינעווייניק, אין דער פינצטלעך־נאָגנדיקער קעלט, רייסט זיך א קינד אין וויגל און אויפהער מיט דעם מאָנאָטאָנישן „אַ־אַ־הא" און און עלטער קינד פלאָנטערט זיך אַרום גנענדלס באַשוכטע פיס, וואָס הענגען אַראָפּ פון בעט, און וויינט און טרערן: מאַמאַמעניו, א שטיקל ברויט!

גנענדל ליגט א האלב־אָנגעטוענע מיט אן איינגעגראָבן פנים אין קישן און זעט אין אזא פארפלאָנטערטן געוויעב דעם טאטן איצן, בעמיען, וואָס חזרט איבער פאר איר דער מאמעס וואָרענישן.

זי וואָלט איצט געוון אַהינגעגאַנגען צום טאטן אין דעם קעלער־שטיבל און האָט באַוויינט איר ביטער מזל.

זי זעט שוין קלאָר, ווי דער טאטע שטייט מיטן אויסגעמאָגערטן פנים און הערט, ווי זי, גנענדל, דערציילט אים, אז אייגנטלעך טרעפט דאָס נישט דאָס ערשטע מאָל. יעדע פאָר וואָכן מאכט ער אזוי, אָט דער מאַן איירער. בערל יאפּצאָק האָט אים אוודאי ווידער אַריינגעקריגן צו זיך אין שטיב, און טרינקענדיק גרויסע גלעזער בראָנפן, טענהט ער צו אים: „וואָס טויג דיר אזא שטיק כאָליערע, גט זי אָפּ, קריגסטו אויפן אָרט פון מענדל פּיאַק א מויד מיט א ניי געשפּאַן". נאָר סוף כל סוף ווייסט זי דאָך, אז נאָך היינט אפשר וועט ער צוריקקומען, איר אלץ נאָכדערציילן. און דערנאָך וועט ער זי, ווי שטענדיק, אַרומכאַפּן, לאַנג קושן און זיך שווערן: אז נישט, זאָל אים שוין א דונער אַוועקלייגן דאָ אויף דעם אָרט, אויב ער וועט נאָך איינמאָל אזוי טאָן.

צוליב אן אויפרודערנדיק פארלייפעניש זייַנען סוף כל סוף בעמיעס ביידע יונגען, דער אויסגעצייגענער סראָעל מיט דער פארקרימטער פּלייצע און דער פארברוינטער הערשל, נאָך אין עטלעכע־חדשימדיקן אַרומוואַל־גערן זיך ביי ליפען צוריקגעקומען צום טאטן אין קעלער אריין.

די טרעגער מיט די דראָזשקאַזשעס פון לעבן אלטן וואָקזאַל האָבן שוין גענומען קוקן אויף ליפעס פירעכץ מיט צופיל פארדראָס, און מאַנכע מיט קנאה.

ס'האָט געקרענקט ביז גאָר אָט דאָס, וואָס יעדן אָוונט קלייבט ליפע צונויף אין זיינע צוויי שטיבעלעך אלע פעקל־טרעגער, און אין א האלב־שיכורער פריילעכקייט פארשפּילן זיי ליפען מיט זיינע יונגען דעם גאַנצן טאָג־פאַרדינסט ביי א כלומרשט „ערלעכער" שפּיל.

ס'האָט געוועקט אַ חשד אויף דעם, וואָס ליפּע באַווײַזט זיך זעלטן בײַם וואָקזאַל, שלאָפֿט גאַנצע טעג. און קומט ער שוין יאָ אַמאָל אַרויס, פֿילט ער זיך שוין עפּעס אונטערצושטעלן די פּלייצעס אונטער אַ משא.

„גיי שוין, נאַר, גאָט פֿאַרלאָזט אַזוי אויך נישט", — פֿלעגט ער שוין זאָגן מיט אַ קוים־קוים אָנזעעוודיק צופֿרידן שמייכעלע.

און לײַטיש־מענערישע מאַמעס האָט אַזאַ מעשה געקרענקט: הלמאי האָט ער, אַזאַ שווינדלערישער ליפּע, צו מאַכן פֿון אָרנטלעכע יונגען קאָרטן־שפּילער און נאָך עפּעס ערגערס?

— און וואָס ווערט שפּעטער פֿון אַזאַ מין יונג? פֿונקט אַזאַ מין ליפּע.

— מיר מעגן דאָך זען דעם אָסצײַוואָרצלען. סטײַ'געהערט אַ מעשה!

— וואָס דען, ט'אַזוי אים לאָזן באַלעבאַטעווען? סטײַ'געזען!

און זיי האָבן געמאַכט יד־אחת און אָפּגערעדט זיך, אַז נאָך הײַנט בײַנאַכט וועט מען אַרײַנגיין צו ליפּען, דעמלט, ווען ס'וועט דאָרט זײַן שיכור־לעך־פֿרײַלעך, און ווײַזן אים, דעם ליפּען טאַקע, ווו גאָט וווינט.

יונה טרעגער, דער פֿעסטגעבויטער מיט דעם פֿולבלוטיקן פּנים און געטראַפֿאַרשײַנטעם בערדל, וויל דורכאויס אַרײַנגיין דער ערשטער, אָן שום קענען איבערדרייען דאָרט דעם טיש מיט דער גאַנצער חברה מיטן קאָפּ אַראָפּ און אים, ליפּען, אַ נעם געבן בײַם קאַרק און אַ זעץ טאָן אים מיט אַ קני גלײַך אין בײַך אַרײַן — העט־פֿאַר, ווײַל זינט דער יונג זײַנער האָט אָנגעהויבן אַרײַנצוגיין צו ליפּען, איז ער פֿאַר דער שטוב געוואָרן אַן אמתער גזלן.

און זיי האָבן געהאַלטן וואָרט, און זיי האָבן אויסגעפֿירט ס'זייעריקע, אָט די לײַטיש־מענערישע מאַמעס.

די גנבֿיש־ביטערע ליפּעכע איז געבליבן מיט אַ היפּש נישט אָפּגעלייזט קרעמל ציקערוואַרג, וואָס זי מיט די מיידן אירע וועלן עס אַזוי אײַנציקווײַז אויספֿאַשן און בעת מעשה זיך דערמאָנען אין די נעכטיקע גוטע נעכט. און ליפּע שלאָפֿט נאָך לעת־עתה ביז אַ שטיק אין טאָג אַרײַן און קומט אַרויס צום וואָקזאַל מיט אַ גאַנצן פּאַפּיראָס אין מויל, דיכט זיך, סתם אַזוי אַ קוק צו טאָן, ווי ס'זעט עפּעס אויס. חבֿרה טרעגער שמייכלען זיך איבער פֿון זײַן אײַנטערגעזאָגענער „פּרנסה", און מאַכן אַ געניייטן חשבון, און וועטן זיך אין אַ פֿלאַש ביר, אַז די צווייטע וואָך וועט שוין ליפּען אַרויסקומען צום וואָקזאַל אַ נישט אויסגעשלאָפֿענער און, פֿונקט ווי זיי, כּדין צו דער וואַנט־ווײַטקייט און אָנשטרענגען דעם געהער, צי עס פֿאָרט נישט אָן פֿון ערגעץ אַ וואָגן מיט לאַדונג.

# 5

און ביי בעמיען אין שטיבל זעט שוין היינט ווידער אויס במעט ווי אמאל, אט, נישט מער טאקע ווי די אייגענע געליע, וואס פעלט איצט און וועלכע וואלט זיך נאר באדארפט אזוי ארומדרייען דא הין און צוריק, טאן איר שטענדיקע ארבעט און זעלטן ווען ארויסרעדן א ווארט, אדער אוועקזעצן זיך ביים פענצטערל, כדי צו פארריכטן אביסל איבערגעוואשן וועש — און מיט דעם אליין שוין צוגעבן אלעמען עפעס מער זיכערקייט.

פעלט זי אבער, אט די געליע.

דער אויסגעצייגנטער סראָעל מיט דעם פארברוינטן הערשל שלאפן ווידער אין דעם זעלבן ווינקל, ווי אמאל. יעדע נאכט קומען זיי אהיים שפעט, נאכן לעצטן נאכט־צוג, לייגן זיך אראנטער אונטער א ברידיק בעט־געוואנט אויף א קופע שמאטעס, און ביז צום אנטשלאפן ווערן גרייזשען זיי זיך, אין זיך, דערפאר, וואס זיי האבן אין ליפען אריינגעפאקט דאס גאנצע ביסל אפגעשפארטע געלט, פאר וועלכן זיי וואלטן זיך געקאנט קויפן אויף פסח נייע „גראנימערליעך”. און אנטשלאפן ווערן זיי שוין מיט דעם געדאנק, אז דער מארגנדיקער טאג זאל ברענגען צו פירן פון די ווייטע שטעט פולגעפאקטע צוגן מיט רייכע סוחרים, וועלכע פירן מיט זיך גרויסע און שווערע וואליזעס.

די אלטע גוטע שכנה פייגע איז שוין אראפ פון בעט א געזונטע, מיט א פארגרינט מדויקן פנים און מיט אויגן אזעלכע אויסגעוויקטע און קינדיש פארחידושטע אויף יעדער זאך, ווי זי וואלטן ערשט איצט אלץ דערזען צום ערשטן מאל. דערפילנדיק זיך אביסל מער ביי די כוחות, האט זי באלד גענומען באזארגן בעמיעס שטיבל, זיך באמיט, אז בעמיע מיט וויגהערן זאלן יעדן אוונט, נאך א גאנצן טאג פירן, האבן אביסל ווארעם געקעכטס. און אויך פאר סראָלן מיט הערשלען האט זי אויף יעדן מיטאג אפגעלאכט א טאפ יושקע... און אין די איבעריקע פרייע שעהן האט זי זיך שוין מיד געשלעפט אויף אירע אפגעשוואכטע פיס, מיט אומגעדולד געווארט, אז דער פרייער ווינטער־אוונט זאל שוין צופאלן, זיסל זאל שוין אהיימקומען, כדי זי זאל שוין האבן מיט וועמען א ווארט אויסצורעדן.

און זייער אפט, אין א שבת־נאכמיטאג, קומט גנענדל אין קעלער אריין, צום מאמן, פונקט ווי אמאל, כדי געווויר צו ווערן, וואס עס מאכט „עפעס גימים”. דאס אייגענע קינד, וואס וויל בשום אופן נישט באטרעטן די ערד, נאר רק ליגן אויף אירע הענט, צעלייגט זיך רחבותדיק אין איר

שוים, קיים מיט צוגעגעסנקייט איר ברוסט־וואַרצל, רייסט עקשנותדיק צו איינצלנע האָר פון איר קאָפּ און באַמיט זיך שטאַרק אַריינצושטופּן אַ גאַנץ פינגערל אין אירן אַ נאָז־לאָך. און דאָס אַנדערע קינד אירס, אַ דריי־יאָריק פאַרסמאַליעט יינגעלע מיט פעטע שוואַרצע אייגעלעך, וועלכער האָט זיך שוין אָנגעפּרייט מיט די אַלע־ריי קאָליריטע שמאַטקעס און זיך אָנגע־גראַבלט אין די בלאָטיקע לעכער פון דער פּאָדלאָגע, ציט די מוטער ביים קלייד מיט אַ נודנעם אָנטרערנדיקן געוויין:

— קים שוין אַהיים.

גנענדל ווערט זיך בסדר פון די קינדערס עקשנותדיקייט און בעת מעשה דערציילט זי דעם שטאַרק אויסגעמאַגערטן טאַטן, וויאַזוי איר מאַן, בערל יאַפּצאַקס יונג, האָט גענומען גיין אויף אַ גאַר נייעם „דרך“, נאָר נישט ווי פריער. דער טאַטע זיינער האָט אים געגעבן אַ פרישע עצה:

„וועיעס? זי, די שטיק כאַליערע, עט דיעי זאָגן, וואָס די אָסט צי טיען? עלעהיי די האָסט אַ פּע־ערד, ס'צעבריקעוועט זעך, געט מען אַ פּאָר ביימשן!“

און ער פאָלגט, דער מאַן איר'ער.

— און געב אַ קוק, טאַטע, די בלאָע צייכנס, וואָס ער האָט מעך געמאַכט.

און גנענדל פאַרגייט זיך אין אַ געהאַמעוועטן כליפּען. די קינדער, דערשראָקענע, טוליען זיך צו איר און פאַרקרימען אויך די פּנימלעך צום וויינען. כעמיען פאַרדריקט עפּעס ביים האַרץ שטאַרק קלעמענדיק, שפּאַרט ער זיך אָן אין פענצטער און הערט אין גנענדלס וויינען לאַנגיייעריקע חרטה־טענות, וואָס וועלן קיינמאָל נישט אויפהערן און צו וועלכע ער קאָן גאָרנישט העלפן.

און זי העשעט אויך אָפּ, ביז דער לייכטער ווינטער־אָוונט פּאַקט זיך אַריין אין די ווינקלען פון שטיבל. זי ווישט אָפּ די טרערן, נעמט ביידע קינדער און לאָזט איבער דעם טאַטן אַזאַ שווער־אויסזיפצנדיקן „גוטן־שבת“ און „גוטע־וואָך“, וועלכע די קאַלטע טונקלקייט פאַרשלינגט באַלד.

דערנאָך קומען זעקס וואָך־טעג, שטייף־קאַלטע און שווער־דאגות־דיקע.

אין די גרויסע פּרעסט, וועלכע קריכן אונטער די נעגל און שטעכן ווי מיט אָנגעגלימטע שפּילקעס, בלייבט כעמיע אין קעלער־שטיבל, זעצט זיך אַוועק ביים איינגעהייצטן אייוועלע, וואַרעמט זיך די פאַרטריקנטע ביינער און קוקט אַריין שעהנווייז אין דעם פאַרגעלטן ספר, ווו עס ווערט דער־ציילט פון גרויסע צדיקים און גוטע־יידן. און אַ סך שעהן אין די טעג

בלייבן איים נאָך איבער אויף צו דערמאָנען זיך אָן די אַמאָליקע ווינ־טערס... אַ היימישע וואַרעמקייט פלעגט אים דעמאָלט אַרומכאַפּן, ווען ער פלעגט קומען ביינאַכט פון דאָרף. אָט ביי דעם זעלבן אייוועלע איז גע־שטאַנען געליע, אַן אָנגעבוויגענע, עפעס געמישט מיט אַ לעפל און אַ באַטעמטער ריח איז זיך באַלד צעקראָכן איבער אַלע אברים און פאַרפולט דאָס מויל מיט אַ זוייערלעכע סלינע. און געווען זייַנען אויך קוגלען, ווען אויפן טיש זייַנען געלעגן פריש־געבראָטענע קאַרטאָפליעס. אַלע האָבן גע־געסן, און געליע פלעגט דערציילן פון דעם מלכות, וואָס מע זעט זיך אָן ביי די גאָלדבערגס, און פון דעם ווילן שידוך, וואָס זי, מאַדאַם גאָלד־בערג, זוכט אויס פאַר גנענדלען...

און בעמיען ווילט זיך אַלץ מער טראַכטן פון יענע פאַרשווונדענע ווינטערס. נאָר דער פריער אָוונט בליקט שוין אַריין דורכן פענצטער און דערמאָנט אים, ווי אַנומלטן, פונקט אין אַזאַ אָוונט, איז פנחס׳ל צו אים צוגעשטאַנען, אַז ער זאָל דורכאויס אַריינגיין צו אים אין זיין צעקרימט שטיבל, ווייל ער ברויכט מיט אים עפעס גאָר נייטיקס צו שמועסן, און אין וועג האָט ער אים פאַרהערט מיט פאַרשידענע מעשׂות, אַבי נאָר אַרויסצובאַקומען, אין וועלכן דאָרף, למשל, לויט בעמיעס רעיון נאָך, וועט זיך גוט אויפקויפן אַלטוואַרג, ווי נאָר די פרעסט וועלן פּלאַצן. און גלייך ווי ער, פנחס׳ל, מיט זיינע פאַרשידענע הריידלעך, וואָס ער האָט גע־מאַכט, וואָלט אין גאָרנישט שולדיק געווען, האָט ער פאַרגעוואָרפן בע־מיען, אַז נאָר ער, בעמיע, האָט צונישט געמאַכט דאָס שותּפות. און דערנאָך איז געקומען דער עיקר: אין שטוב האָט ער אים מכבד געווען מיט טיי, און אַז זיי זייַנען געבליבן אַליין, האָט זיך פנחס׳ל צערעדט: „וואָס, למשל, שטייט דיר נישט אָן צו האָבן פנחס׳לען פאַר אַ מחותּן? און דיין ווינגדער? אַמער וויל ער זיך גאָר נישט באַווייזן? און דו ביסט אַ מאַטע, ביסטו? שלעפּט זיך דאָרט אַרום מיט עפעס אַ מויד גאַנצע טעג איבער די הייפן, וואָס רעדסטו גאָרנישט? ביי מיר איז גאָרנישט אַנדערש געוואָרן. כ׳גיב ווייטער די פינף און זיבעציק קערבלעך און די דריי חדשים קעסט. נו?".

דעמאָלט האָט אים בעמיע צוגעזאָגט צו געבן אַן ענטפער, און איצט וויל ער זיך שוין אָן אַן ענטפער נישט ווייזן פאַר פנחס׳לס אויגן.

נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת עפנט ער אויף די טיר און רופט:

— ווינגדע! ווינגדע!

ווינגדער קומט באַלד אַריין פון אַקעגנאיבער מיט אַ ווייך צעוואָ־רעמט פּנים און פרעגט:

— אָסט מאָך געריפן, טאַטע?

בעמיע בלייבט שטיין אַפּהענגטיק און פאַרשעמט. ער קוקט אויף ווייגדערן מיט אַזויפיל אומבאהאָלפנקייט און געבעט, ווי ער וואָלט אים געוואָלט איבערגעבן נישט געזאָגטערהייט דאָס, וואָס ער וויל אים זאָגן. ווייגדער פאַרשטייט שוין עפּעס און מיידט אָלץ אויס צו קוקן דעם טאַטן אין פּנים אַריין.

נאָר שפּעטער פרעגט בעמיע:

— וואָס טייטש דריננען?

— וואָעס זאָל מען טיען?

— די ווייסט, פּנחס'ל לאָזט מאָך נישט אָפּ. ער וויל דייקע, אַז רי...

נאָר ווייגדער לאָזט אים נישט פאַרענדיקן, דאָס גאַנצע בלוט מיט אין אים א קאָך אויף:

— כ'ווייס שוין! לאָזט גיין אין דר'ערד אַריין. דעיע גנב! — כ'וויל אים נישט קענען!

און אין א ווײַלע אַרום מיט אן אָראָפּגעלאָזטן קאָפּ:

— צווייטנס, טאַטע, כ'האָב שוין א כלה.

ווייגדער איז געבליבן שטיין מיט עפּעס א באַהאַלטענער שרעק אין גאַנצן קערפּער, נאָר נישט הערנדיק מער קיין וואָרט פון טאַטן, איז ער צוריק אַרייַנגעגאַנגען צו דער אַלטער פּיינע.

דערנאָך איז בעמיע אַוועק און אין געדאַנק פעסט געהאַלטן די ווערטער, וואָס ער וועט באַלד זאָגן פּנחס'לען, אַז ס'וועט פון דעם אַלעמען גאָרנישט אַרויסקומען.

---

זיסלען האָט אביסל פאַרדראָסן, וואָס מ'האָט ווייגדערן אינמיטן דרינען געטרופן. די „ליבעס-געשיכטע", וואָס ווייגדער האָט אַנומלטן געזען אין קינאָ און וואָס ער האָט איצט געהאַלטן אינמיטן דערציילן, אַקוראַט דאָרט, ווו „ער" וויל „זי" פאַרסמען, — האָט זיסלען זייער געניינגעריקט. און די אַלטע פּיינע, וועלכע ליגט זיך שטענדיק צו אויפן בעט, ביעת זיסל מיט ווייגדערן שמועסן, האָט זיך פון קלאָפּ מיט דער טיר אויפגעכאַפּט פון דעם לייכטן דרימל, און זי וויל שוין וויסן, וואָס אַזוינס דאָ איז געשען.

„גאָרנישט. דער טאַטע אָט אים אַריינגערופן".

נאָר די אַלטע גלייבט קנאַפּ און פרעגט זיך אויך נישט איבער. זי וועט שוין אַלץ געוויר ווערן שפּעטער. און דערווייל דרימלט זי ווייטער איין מיט דער זעלבער לייכטקייט ווי אַ קאַץ.

און אַביסל שפּעטער האָט שוין ווידער זיסלען אַלץ דערציילט. נאָר די ווערטער זײַנע „איך האָב שוין אַ כלה", דאָס האָט ער פאַר איר נישט איבערגעחזרט, צוליב וואָס זיסל האָט אַזוי אײַנפאַך געפרעגט:

— און פאַרוואָס ווילן זי נישט ווערן אַ חתן?

אַ לאַנגע ווײַלע האָט ווידער אויף איר געקוקט מיט גלאָז־בליקן, און דערנאָך האָט ער עפּעס פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שטיל געענטפערט:

— דאָס דאַרפן זי שוין אַליין וויסן.

און פאַרן שלאָפן גיין האָט זיסל דאָס אַלץ נאָכדערציילט דער אַלטער פּייגע און זי געבעטן, אַז זי זאָל איר פאַרטײַטשן, וואָס ער האָט געמיינט מיט די לעצטע ווערטער. די אַלטע פּייגע האָט, אַ גליקלעכע, צוגעטולעט זיסלען צו זיך און געהאַלטן אין איין איבערחזרן:

— דאָס האָט ער דאָך דיך געמיינט, קינד מײַנס. דיך טאַקע.

זיסל איז אין דער נאַכט לאַנג געלעגן אין בעט מיט אָפענע אויגן. זי האָט פּלוצלינג באַקומען שכל און געטראַכט, אַז מאָרגן אינדערפרי, בעת זי מיט ווידערן וועלן זיך לאָזן איבער די הויפן נאָך שמאַטעס, וועט זי זיך מאַכן גאָרנישט וויסנדיק פון אַלעמען. זאָל ער איר זאָגן אַלץ אָפן, אַז נישט, ווייסט זי גאָרנישט.

אויך ער, ווידער, האָט פאַרטריבן פון זיך דעם שלאָף. ער איז געלעגן און אַ שיר גליקלעך, וואָס ס׳האָט זיך אים געמאַכט אַזאַ גוטע געלעגנהייט און ער האָט איר אַלץ געזאָגט. און געזען האָט ער איצט כסדר פאַר די אויגן דאָס פינגערל, וואָס ער האַלט שוין פון לאַנג אָנגעגרייט פאַר איר, און געקלערט, אַז דעם שבת וועט ער עס איר טאַקע געבן אַ מתנה.

6

לעצטע סוף־ווינטער־טעג, מטושטשע און אומגעלומפּערט צעפלאָ־טענע, האָבן זיך פּויל, אויף אַלע פיר, אַוועקגעשלעפּט פון שטעטל, וועלנ־דיק אונטערגעיאָגט פון די דרייסטע לעבעדיקע ווינטלעך און שוואַלבן־טריעלן.

דער הימל האָט זיך גענומען אויסלייטערן, און אונטער זיין נאָך געניוג אָנגעפּעלצטער הייט האָט זיך באַוויזן אַ בלייך־אויסגעמאַטערטע זון, וואָס האָט דורכגעליגט אַ וועג פאַר זיך.

די בלאָטיקע שניי־קופּקעלעך האָבן אָנגעהויבן צערונען ווערן, און אין די רינשטאָקן האָבן איילִיקע כוואַליעכלעך איינס דאָס אַנדערע איבערגעיאָגט און איינס דאָס אַנדערע אַרויסגעשטויסן אויף די טראָטואַרן.

דאָס לײמיקע טײכל, וואָס לויפט אַהִם שטעטל, האָט זיך גענומען אויסציִען די צוזאַמענגעפּרעסטע אבֵרים און, שטעלנדיק זיך אויף אַלע פיר, האָט עס מיטן רוקן אונטערגעהויבן דעם אייז־צודעק און אַ ברייטן פלייץ געטאָן אויף אַלץ אַרום זיך.

ביי בעמיען אין קעלער האָט מען שוין גענומען אויסקוקן אויף די שיינע טעג, אויף טעג, אין וועלכע די וועגן, וואָס פירן אין די דערפער, וועלן שוין איינזאַפּן אין זיך דעם צעוואַסערטן שניי.

מיט אַ באַזונדער אומגעדולד האָט געוואַרט אויף די טעג זיסל. ווינטער האָט איר שוין אַזויפיל אָנגעדרצײלט פון אָט די אַלע דערפער, ווו אויף יעדע פאַר טריט איז פאַראַן אַ סאָד מיט אַלערליי אויבסן און די ביימער זייען צעצווײגט איבערן פלויט און גרייכן גאָר נידעריק. גייסט זיך אַדורך, און אַ קאַרש פאַלט דיר אין מויל אַריין. שטרעקסט אויס אַ האַנט, האָסטו אַ באַרנע. און קיינער טשעפעט נישט.

נאָר ביז צו יענע טעג איז נאָך דערווייל געבליבן צו וואַרטן אַ שיינע פאַר וואָכן, און יעדן פרימאָרגן האָט זיך די אַלטע פייגע אָנגעבויגן איבער זיסלס געלעגער און געוועקט: בכן, עס דוכט זיך איר, אַז ווינטער איז שוין לאַנג אויף.

און מיט נאָגנדיקער בענקשאַפט צו יענע טעג זיינען ביידע דערווייל ווייטער אַרומגעגאַנגען מיטן זעקל און שטעכער איבער די הויפן, זוכנדיק אַלטוואַרג.

די שטייפע קעלט האָט זיך שוין אַרויסגעקליבן אויך פון די מיסט־קאַסטנס, און גראַבלענדיק דאָרט מיט די שטעכערס, זיך אַלץ צעפּאַלן און אָנגעפילט דעם אַרום מיט דומפּיק־איבלדיקע ריחות.

און פאַרנאַכטלעך, פאַרלאָזנדיק דעם לעצטן הויף מיט פולע זעקלעך שמאַטעס און ביינער, זיינען זיי באַלד אַוועק צו געשעלען, אײנגעלייזט דערפאַר געלט און מיט פרייליכע געמיטער אַהיים געגאַנגען.

דאָרט, אין קעלער, וואַרט שוין אויף זיי די אַלטע פייגע. ערשטנס, זאָלן זיי שוין קומען און עפּעס עסן נאָך אַזאַ טאָג, און, צווייטנס, ווייל זי

וויסן, צי ס'געפעלט זיי די הריי האַנטעכער און די צוויי לײַלעכער, וואָס זי האָט היינט צוגעקויפט צו זיסלס אויסשטייער.

ביז שפּעט אין אָוונט איז ווײַגדער מיט זיסלען געזעסן האַרט איי־נער לעבן אַנדערן און געשמועסט פון „ליבעס". זיסל האָט איר דער־ציילט פון אידער אַ חברטע, וועלכע האָט גענומען אַ חתן און האָט אים ליב געהאַט נישט מיטן „האַרץ", נאָר ווייל ער האָט איר געגעבן אַ גאָלדן פינגערל.

— פע, איך האָב פיינט אַזעלכע, איך האַלט נישט פון אַזעלכע.

און ווײַגדער האָט איר ווידער דערציילט, אַז ער איז אויך אַזאַ ווי זי.

— אָט דעריע פּנחס'ל. די קענסט אים דאָך. אַטאַמאַ געוואָלט געבן אַ שידוך, און איך האָב נישט געוואָלט, ווייל ס'האַרץ איז נישט דאָרט געווען.

די אַלטע פייגע איז שוין לאַנג געלעגן אין בעט, כלומרשט געשלאָפן און פון זייער יעדן וואָרט געפילט אַ דערקוויקעניש. זי האָט זיי, אין זיך, געבענטשט און אַלדאָס גוטס געווונטשן.

און אין דעם אַקעגנאיבערדיקן שטיבל, וואָס איז באַלויכטן מיט אַ ברודיקער שיין פון אַ פאַרקאָפּטשעטן לעמפל, איז געזעסן כעמיע ביים אייוועלע און מיט אַ שטאַרן בליק געקוקט ערגעץ אין איין פונקט און געקלערט אַלץ וועגן אייגנס און דאָס זעלביקע: וועגן די אַמאָליקע יאָרן אין דער צייט, ווען געליע האָט שוין געקלערט וועגן אויסלופטערן דאָס בעטגעוואַנט און אַנגרייטן צוויקל אויף אַ פעסל פסחדיקן באָרשטש. דעמלט זיינען אים די ווערטער רעכט נישט אין קאָפּ אריין, און היינט דערמאָנט ער זיי כסדר. און ווען ווײַגדער איז נאָך האַלבער נאַכט אריינ־געקומען שלאָפן און געפרעגט: „טאַטע, וואָס זיצטו אַזוי? גיי שלאָפן", האָט כעמיע אַ דערשראָקענעם ציטער געטאָן און געענטפערט מיט אַ זיפץ:

— ע, גאָרניש.

שפּעטער, שוין ליגנדיק אין בעט, האָט כעמיע ווידער געקלערט וועגן ווײַגדערן מיט זיסלען. און אָט מאָרגן וועט ער שוין ריידן מיט פייגען, אַז מ'זאָל תנאים שרייבן. וואָס דאַרף ער דאָס האָבן, אַז מענטשן זאָלן ריידן: „אַ יונג מיט אַ מויד שלעפן זיך אַרום איבער די דערפער".

— — —

אין דער ירושה, וואָס בעמיע האָט געקריגן פון זיין טאַטן, צווישן דעם זעקל, שטעקן און עטלעכע מלבושים, געפינט זיך אויך אַ מעשה, וואָס דער טאַטע זיינער פלעגט אים שטענדיק דערציילן, בעת ער, בעמיען, דעם בחור, פלעגט פאַרמיאוסט ווערן אָט די מלאכה, דאָס שמאַטעס־קלייבעריי. ס'איז אַ מעשה מיט אַ ייד, וועלכער איז זיין גאַנץ לעבן אַרומגעגאַנגען איבער דערפער און הויפישע מיסטקאַסטנס און געקליבן שמאַטעס. געלעבט האָט ער, דער ייד, ווי אַלע פון זיינס גלייכן: אין גרויס אָרעמקייט און קיינמאָל נישט געהאַט קיין טענות צו קיינעם און געווען צופרידן מיט זיין מלאכה. מאַכט זיך איינמאָל, גראָבלענדיק אַזוי מיט דעם שטעכער אין אַ מיסטקאַסטן, גיט אים עפּעס אַ בלישטש פאַר די אויגן, און אין אַ מינוט אַרום, שוין צוגעווייענדיק דעם בליק צו דער פּלוצלינגער בלישטשענדיקייט, דערזעט ער אַן אוצר מיט גאָלדענע רענדלעך. ער גופא, אָט דער ייד, האָט זיך ווייטער געקליבן די שמאַטעס, ווי אייביק, און ווייניק וואָס הנאה געהאַט פון דעם אוצר אחוץ דאָרט, וואָס אויף יעדן שבת האָט ער געקויפט נאָך אַ שטיקל פלייש און ברויט צו דער זעט. נאָר די קינדער זיינע און די קינדס־קינדער האָט ער שוין פאַרזאָרגט מיט אַלדאָס גוטס. זיי, די קינדער זיינע, זיינען שוין געוואָרן רייכע לייט און אַ האַלבע שטאָט מיט הייזער אויסגעבויט.

בעמיע איז געווען זיכער, אַז אויך ער וועט אַזאַ אוצר געפינען. דאָס איז נאָך געווען דעמאָלט, ווען די קינדער זיינע זיינען נאָך ווי די ווערעם אַרומגעקראָכן אויף אַלע פיר אין גאַליע איז געווען יונג און פולבלוטיק. ער האָט דעמאָלט געזוכט מיט חשק, יעדעם שמאַטקעלע פאַרנאַנדערגעוויקלט און, גאָרנישט געפינענדיק, זיך געטרייסט, אַז מאָרגן, איבער־מאָרגן וועט ער שוין געפינען אַזאַ אוצר. נאָך צענדליקער יאָרן פון אומזיסטיקן זוכן האָבן ביי אים אָפּגענומען דעם חשק צו זוכן. און קלערנדיק, אַז אים איז שוין אוודאי נישט באַשערט צו געפינען דעם אוצר, האָט ער איבערגעגעבן דאָס זוכן ווייטער, פּונקט ווי אים, בעמיען, האָט איבערגעגעבן דאָס זוכן דער טאַטע זיינער.

און היינט וויקלט שוין ווייטער פאַנאַנדער יעדעס שמאַטקעלע מיט דער גרעסטער פּאָרזיכטיקייט, און זיסל דערוואַרט דעם אוצר מיט ברייטע צעעפנטע, דורשטיקע אויגן. און מאַנכעס מאָל, אָנטרעפנדיק מיט דעם שטעכער אויף אַ האַרטן קנויל, גיט איר עפּעס פּלוצלינג אַ זעץ אין האַרצן. דערנאָך צעוויקלען זיי דעם קנויל מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און ניגעריקע בליקן. און גאָרנישט נישט געפינענדיק דאָרט, ווערט זיי

עפּעס אַזוי טרויעריק, שווער אויף די געמיטער, און זיי בלייבן שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, אָפּגעגאַרטע.

— — —

מיט שטילע, צוריקגעהאַלטענע טריט האָבן זיך אונטערגעגנבעט די ערשטע זומער־טעג און מיט ברייט־פאַנאַנדערגעשפּרייטע אָרעמס זיך אַוואַרף געטאָן איבערן שטעטל, געוויגט יעם און געטוליעט און דער ליכטיק־צעוואַרעמטער זומער־שוים אין שטיל־ציטערדיק געשעפּטשעט: „האָסט געבענקט?“.

גרינלעך־ראָזיקע פּאַרטאָגן האָבן אַלץ אויפגעוועקט און צוגעזאָגט אַזאַ גרויסן ליכטיקן טאָג מיט אַזויפיל לייכטער מחיהדיקער היץ.

די ערשטע אין די פּאַרטאָגן איז אויפגעשטאַנען זיסל. באַלד האָט זיך אויך אויפגעכאַפּט די אַלטע פייגע און שוין אויפן אָרט געוואָלט וויסן, ווי שפּעט ס׳איז געוועזן נעכטן בייינאַכט, ווען ווינדער איז אהיימגעגאַנגען שלאָפן. און בכלל, פון וואָס, אַ שטייגער, האָבן זיי אַזויפיל צו ריידן?

נאָר זיסל האָט איצט נישט קיין צייט צו ענטפערן. זי מוז אַריינגיין קעגנאיבער, צו בעמיען, אָפּקאָכן אַ טאָפּ מיט קאַווע, ברענגען אַביסל אין אָרדענונג דאָס שטיבל און זיך לאָזן מיט זיי אין אַ דאָרף אַריין.

און מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער, ווען אַ האַלבע קעלער־שטוב באָדט זיך שוין אין אַ ציטערנדיקער זון־באָד, און ווען די אַלטע פייגע זעצט זיך אַרויס אין הויזן, פאַרן הויז, אויף אַ שטיינ, קייט אָן אויפהער מיט די יאַסלעס אַ רעפּטל ברויט און קלערט וועגן אַרייַנטאָן היינט אין דער יושקע אַ פעט בייגדל, — דעמאָלט זיינען זיי שוין, בעמיע, ווינדער און זיסל, אין אַ וויטלעך דאָרף און פאַרפולן די זעקלעך מיט אַלטוואַרג.

און קעגן האַלבן טאָג, ווען די זון שטעלט זיך איבערן קאָפּ און פאַרשפּינט פון ביידע זייטן פעלד און וואַלד מיט ציטערדיקע גאָלדפעדעם, דעמאָלט זעצן זיך אַלע דריי אין שאָטן פון אַ וועלדל און רוען זיך אָפּ.

בעמיע נעמט אַרויס פון בוזעם דאָס פאַרגעלטע ספרל, זאַפּט איין אין זיך מיט די אויגן יעדעס וואָרט און פאַרגעסט אויף אַ ווײַלע פון דער געצוווּנגענקייט צו אָט דעם לעבן מיט דעם שטענדיקן אַרומגיין איבער הויפישע מיסטקאַסטנס און דערפער און קלייבן דאָס אַלטוואַרג.

און ווינדער מיט זיסלען הערן נישט אויף צו ריידן פון דעם אוצר מיט די גאָלדענע רענדלעך, וועלכער וואַלגערט זיך אַהום ערגעץ אין אַ מיסטקאַסטן.

# צוריקגעקומען

נאָך איינעם אַ געוויינלעכן נאָכמיטאָג־חדרימל האָט זיך די רייכע וואַרשעווער מאַנופאַקטור־סוחרטע אַוועקגעזעצט בײַ איר מאַנס שרײַבטיש און אָנגעשריבן אַזאַ מין קאַרטל צו איר עלטערער אָרעמער שוועסטער אין דער ווײַטער פּראָווינץ־שטאָט:

„ליבע און געטרײַע שוועסטער מײַנע, פּעסע־לאה. ערשטנס, קום איך דיר צו מעלדן וועגן מײַן ליבן געזונט. צווייטנס, קום איך דיר צו מעלדן אַ גאָר גוטע בשורה, אַז דײַן עלטסטער זון זימל איז נעכטן געקומען פֿון „פּלען" און איז, גאָט צו דאַנקען, געזונט. איך האָב אים אַפֿילו קוים דערקענט. אָבער דערנאָך האָב'ך מיך זייער געפֿרייט מיט אים, ער עסט בײַ מיר און שלאָפֿט בײַ מיר. מאָרגן אָדער איבערמאָרגן רעכנט ער אַהיים צו פֿאָרן צו דיר. איך וועל שוין זען מיטצוגעבן פֿאַר דיר אַ גוט שטיקל סחורה אויף אַ קלייד און אויך פֿאַר דײַן מאַן אויף אַ כאַלאַט. איך וואָלט דאָס דיר שוין לאַנג געשיקט, נאָר איך וואַרט אַלץ, ביז מײַנער, זאָל מיר זײַן געזונט און שטאַרק, וועט מיך לאָזן אַביסל אַליין אין דער קראָם. וואָרום דו קענסט אים דאָך מיט זײַן קאַרגשאַפֿט אַפֿילו אויף זיך אַליין. איצט קום איך דיר ווײַטער מעלדן, אַז דו זאָלסט גיין אויף דער מאַמעס קבר"...

די אָרעמע שוועסטער אין דער ווײַטער פּראָווינץ־שטאָט איז שוין זינט אַ ריי יאָרן געוווינט צו באַקומען כמעט יעדע וואָך אַ בריוו אָדער אַ קאַרטל פֿון האַנאָווער און פֿון פּאַריז, פֿון בוענאָס־אײַרעס און פֿון לאָדזש — פֿון אירע קינדער, וועלכע זײַנען זיך צעפֿאָרן איבער דער גרויסער וועלט זוכן ברויט און גליק פֿאַר זיך און פֿאַר דער אָרעמער מאַמען. מיט קנאַפּן נײַגער נעמט זי שוין צו די בריוו פֿון פּאָסטטרעגער און לייגט זיי אַוועק אויף אַ שפּיץ פֿון אָפּגעבליאַקעוועטן קרעדענץ־שענקל, ביז עס וועט זיך איר מאַכן אַ פֿרײַערע צײַט אויף איבערצולייענען זיי. ווײַל זי ווייסט שוין, די אָרעמע מאַמע, אויף אויסנווײַ־

ניק דאָס שרייבן פון אירע קינדער. און יעדן בריוו כמעט דאָס זעלביקע: „דערווייל, מאַמע, איז אַלץ אַזוי ווי פריער. אפשר וועל איך קענען אין אַ פּאָר וואָכן אַרום דיר שיקן אַביסל געלט. מע זאָגט, אַז ס'וועט זיך בעסערן אין אונדזער פאַך, ס'וועט אויפהערן די אַרבעטלאָזיקייט, און דעמאָלט, ליבע מאַמע, וועסטו שוין זען". אַזוי שרייבן זיי איר, אַלע קינדער, וואָס זיינען זיך צעפאָרן אין דער ווייטער וועלט אַריין. די טאָכטער פון האַנאָווער, די ניט־אָרין, שיקט איר אפילו יאָ אַמאָל אַביסל געלט. ווען די אָרעמע מאַמע וואָלט אָבער געוווּסט, אַז דאָס שפּאָרט די טאָכטער אָפּ פון מויל און וועגן צונויפקלייבן פאַר זיך אַ נדן קלערט שוין הייבט די טאָכטער גישט... דער, ווידער פון לאָדזש קומט אָפּ אין אַלע זיינע בריוו מיט הוילע באַרימערייען: „וואַרט, מאַמעשי, איצט האָב'ך אויפן אויג עפּעס אַ געשעפטל"... און דערווייל, אַז ער קומט אַמאָל אַהיים אויף אַ יום־טוב, ברענגט ער מיט — אַז די מוטער זאָל אויס־וואַשן — אַ וואַליזקע מיט ברודיק וועש, וואָס ער האָט אָנגעקליבן פאַר דער גאַנצער צייט.

און היינט, דערזעענדיק דאָס קאַרטל פון וואַרשע, פון איר ריי־כער שוועסטער עלקע, האָט די אָרעמע ייִדענע באַלד אַ פאַרטשעפּע גע־טאָן אָן אירע אויערן די ירושה־ברילן פון איר טאַטן, איז צוגעגאַנגען צו אַ פענצטער און פריער באַקוקט דאָס קאַרטל פון אַלע זייטן. דער־נאָך האָבן זיך אירע ליפּן עפּעס גענומען באַוועגן, אָבער זיי האָבן זיך נישט געעפנט. אירע באַקן האָבן זיך מיטאַמאָל גענומען רויטלען מיט אַ געמיש פון פרייד און שרעק. די געציילטע הערינלעך אויף איר שוואַר־צער בראָדעווקע, וואָס אויף דער רעכטער באַק, האָבן זיך פּלוצלינג אויסגעשטיפט ווי דראָטלעך, ווי זיי וואָלטן זיך אויך וועלן צוהערן צו דעם, וואָס זי לייענט אַרויס פונעם קאַרטל.

פעסע־לאה'ס צעטומלטע הענט האָבן אָן אַ שיר מאָל איבערגערוקט די ירושה־ברילן אַרויף איבער איר נאָז־הייקערל און אַראָפּ, און אַז זי האָט שוין אינגאַנצן פאַרשטאַנען, אַז דאָס רעדט זיך טאַקע דאָ וועגן איר עלטסטן זון זימל, וועלכער איז אַוועק אויף דער מלחמה און מע האָט אים שוין געהאַלטן פאַר אַ פאַרפאַלענעם, — ערשט דעמאָלט האָבן די רעיונות אין איר מידן אָפּגעשוואַכטן קאָפּ גענומען האַסטיק אַרומלויפן, זי האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן: „מענדל! קינדער! קומט נאָר אַהער! זעט נאָר! ער לעבט דאָך יאָ!" ... זי האָט זיך אָבער האַפּטום דערמאָנט, אַז פון אַלע איז זי געבליבן איינע אַליין; און אַז אין דעם אַנדערן צי־

מער זיצן צוויי פרעמדע מיידלעך מיט זייער מוטער און קלאפן אויף איר, פעסע־לאהס, טאכטערס ניי־מאשין.

מחמת אומבאהאלפנקייט אין דער מינוט פון פרייד און שרעק האט פעסע־לאה מיט א בלאנדזשענדיקן בליק געקוקט א ווײַלע אויף די פאר־סאזשעטע ווענט פון דער קיך און דערנאך מיט איר גאנץ פנים זיך צעכליפעט אין דעם קארטאל אריין און אויף דעם שיינעם תכלית איר, מיש־טיינס געזאגט.

אין דער געזאלצענער כליפעניש איר האט זי זיך דערמאנט, ווי אזוי זימל איז צו עלף יאר אנטלאפן פון דער היים מיט אן אפגעבריט פנים פון א קאכעדיק גלאז טיי, ווײַל ער האט נישט געוואלט זיין אזוי פרום ווי דער טאטע זיינער, וועלכער קאן פון פרומקייט דערהרגענען אפילו אן אייגן קינד. און דערמאנט האט זי זיך, ווי דער זעלבער טאר טע, דער מאן איר, מענדל, איז פון יאר צו יאר געווארן אלץ פרו־מער און ווי דער גיהנום אין שטוב האט נישט אויפגעהערט אויף א מי־נוט; און ווי די איבעריקע קינדער, ביז יינגסטן אפילו, האבן זיך גע־נומען צעלויפן פון דעם בייזן פארעקשנטן פרומען טאטן, ווי פייגעלעך פון א שפארבער. און אז ס'האט זיך געמאכט די מלחמה, איז ער, מענדל, גאר ווי משוגע געווארן. ער האט אפגעלאזט די פרנסה, זיך אנ־גענומען די שבתדיקע קאפאטע און געהאלטן אין איין טענהן, אז אט הערט ער משיחס טריט און אט הערט ער משיחס שופר־בלאזן... און געטענהט האט ער אזוי לאנג, ביז ער איז אוועק צו זיין רבין אפווארטן דארט משיחן... נו, זיצט ער שוין דארט אזוי עטלעכע יאר אין ברודי־קער פארוואקסנקייט, לעבט פון די ברעקלעך און שיריים פון רבינס טיש און וויל נישט מער קומען אין זיין שטוב, וווּ עס זיינען אויפגעוואקסן קינדער, „וואס וועלן נאך זייער טאטן אפילו קיין קדיש נישט זאגן". און ס'איז נאר טאקע געווען עפעס א גליק, — טראכט פעסע־לאה וויי־טער, — וואס אין שטאט זיינען מיטאמאל אנגעקומען א מאסע פאר־וואָרלאזטע מענטשן, וואס האבן זיך געראטעוועט קיים מיטן לעבן פון זייערע חרוב געווארענע היימען. האט זי אריינגענומען צו זיך אין שטוב אט די צוויי פרעמדע מיידלעך מיט זייער מוטער. פעסע־לאה לאזט זיי נייען אויף איר טאכטערס ניי־מאשין, און זיי גיבן איר דערפאר חיונה און אביסל געלט אויך, וואס זי באהאלט עס אויף דער שווארצער שעה, וואס זאל נישט געדאכט זיין...

און דערנאך, אז פעסע־לאהס אויגן זיינען שוין געווען טרוקן און אויסגעווישט ווי די צעראצטע גלעזלעך פון אירע ברילן, האט זי אוי־

בעריאניים גענומען דאָס קאַרטל און אויפן קול איבערגעלייענט וואָרט ביי וואָרט. און געטראַכט האָט זי שוין איצט, אַז מסתמא קומט זימל צוריק אַזוי ווי איר, פעסע־לאַהס מזל איז: אָרעם און בלויז. וואָרן, ווען ער זאָל קומען מיט געלט, וואָלט איר רייכע שוועסטער עלקע נישט געשריבן, אַז „זי האָט אים קוים דערקענט". אָ, זי קאָן שוין אײנמאָל גוט איר רייכע שוועסטער עלקע. און אַז פעסע־לאַה האָט נאָכאַמאָל איבערגעלייענט אַ פּאָר שורות ווייטער, האָט זי שוין פון איר אַליין אַרויסגערעדט: „עלקע ליגנערקע! עלקע גנבטע! וואָס רייצסטו זיך נאָך מיט מיר? וויפל מאָל האָסטו שוין צוגעזאָגט צו שיקן עפּעס אַ לייטישע זאַך, אָבער מער ווי אָפּגעטראָגענע שמאַטעס שיקסטו נישט"...

און אַביסל שפּעטער איז פעסע־לאַה ס׳ערשטע מאָל זינט אַ סך הדשים שוין אַ־יין אין צווייטן צימער מיטן קאַרטל אין דער האַנט. איר פרי געעלטערטע פּנים מיט דער מיאוסער בראָדאַווקע האָט געשיינט מיט גליקלעכער דערוואַרטונג. די צוויי פרעמדע מיידלעך און זייער מוטער האָבן געלאָזט שטיין די אַרבעט און מיט אָנגעשטרענגטע פּנימער און גלאַנציקע אויגן זיך צוגעהערט צו דעם נייעס, וואָס פעסע־לאַה האָט זיי אָנגעזאָגט, און אַז פעסע־לאַה האָט אַרויסגענומען פון אַ פאַרשנירלט פּעקל זימלס אַ פאָטאָגראַפיע, ווי ער שטייט זיך דאָרט אין זעלנערישן ניקאָלייעסקן אָנטועכץ מיט נאָך עפּעס אַ זעלנער, געוויזן עס די מיידלעך און געזאָגט: „מאָרגן אוודאי וועט ער שוין דאָ זיין", — האָבן זיך די מיידלעך און זייער מוטער עפּעס אַזוי איבערגעקוקט מיט פּלוצלינגער ציטערניש אין לייב. אַלע דריי האָבן זיי אַ שווערן זיפץ געטאָן, און אויף זייערע פּנימער איז געווען קענטיק די טראַכטעניש, וואָס זיי טראַכטן איצט: „ווי הערט מען שוין אַזאַ נייעס פון אונדזער טאַטן"...

פון יענעם טאָג אָן, ווי נאָר צו דער קליינער הילצערנער באַן־סטאַציע האָט זיך גענומען דערנענטערן אַ צוג פון דער וואַרשעווער זייט, האָט מען געזען, ווי צו די צוויי פענצטער אויפן דריטן שטאָק, וואָס ריכטיק אַקעגנאיבער דעם וואָקזאַל, פאַלן צו פיר צעשויבערטע פרויען־קעפּ, פיר אָנגעשטרענגטע פרויען־פּנימער מיט ברייט־צעעפנטע אַרומזוכנדיקע אויגן. מיט יעדן צוג זיינען אָנגעקומען עטלעכע צענדליק פּאַסאַזשירן. זיי זיינען אין אַ געדיכטער מאַסע אַרויס פון וואָקזאַל און באַלד זיך גענומען צעשייטן אויף דער און יענער זייט שטאָט. אהער אָבער, צום הויז, וואָס אַקעגן וואָקזאַל, איז קיינער נישט געגאַנגען. דער צוג איז שוין געהאַט אָוועקגעפאָרן און ווייט פון הינטער דער שטאָט זיך געלאָזט הערן מיט אַ דינעם, שניידנדיקן פייף. פעסע־לאַה אָבער איז נאָך

אלץ געשטאַנען בײַ די פֿענצטער און עפּעס אַרומגעזוכט אין דרויסן. ערשט ווען אַרום דער קלײנער באַן־סטאַציע איז שוין געוואָרן גאָר אײַנגאַנצן לײדיק און שטיל, אַז מ'האָט שוין געהערט, ווי אויפֿן דאַך פֿון קאָנדוקטאָרס הײזל וואָרקען די טויבן, איז די מוטער אוועק פֿונעם פֿענצטער מיט אַ שטום אַראָפּגעלאָזט פּנים, ווי אַן אָפּגענאַרטע.

און אין דער וואַרטעניש פֿון אײן טאָג אויפֿן אַנדערן האָט פּעסער לאה דערווײַל זײ דערצײלט פֿון פֿאַרשידענע אויסשטײַעניש. אָט האָט זי זײ אײנמאָל דערצײלט, ווי אין ערשטן יאָר פֿון דער מלחמה איז אין אַ קעלער־שטוב פֿון דעם־אָ זעלביקן הויז, אָט דאָ אונטן בײַ דער שוסטערן, געבוירן געוואָרן אַ פֿאַרזעעניש מיט צוויי פּנימער, מיט דינע לאַנגע הענטלעך ווי די בײטשן, און פֿיסלעך — פּיטשינקע, אַז מ'האָט זײ קוים אָנגעזען. און באַלד איז מען געוואָר געוואָרן, אַז ווי נאָר דאָס פֿאַרזעעניש איז געקומען אויף דער וועלט, האָט עס גענומען פּלאַפּלען פֿאַרשידענע ווערטער ווי אַ גרויסער מענטש. דאָס פֿאַרזעעניש האָט אין זײַן קורצן עטלעכע־שעהדיקן לעבן געענטפֿערט אויף פֿאַרשידענע פֿראַגן. עס האָט געזאָגט, ווי לאַנג די מלחמה וועט דויערן און ווער עס וועט די מלחמה געווינען. נו, נו, האָט זיך עס דערמלט אָפּגעטאָן. דער קעלער, דער הויף און די גאַנצע גאַס איז געווען שוואַרץ פֿון מענטשן, וועלכע האָבן כאָטש געוואָלט אײן קוקן טאָן אויף דעם אומגעלומפּערטן באַשעפֿעניש. ס'איז אויך געקומען דער רב און אַנדערע פֿרומע לײט און געוואַרט, ביז דאָס פֿאַרזעעניש איז אָפּגעשטאָרבן. נו, איז אויך זי, פּעסע־לאה, געווען דערמלט אַ בעלנטע עפּעס אַ פֿרעג צו טאָן בײַ דעם פֿאַרזעעניש... און געפֿרעגט האָט זי, צי איר זימל לעבט נאָך און צי ער וועט בשלום אַהײמקומען פֿון דער מלחמה. דאָס פֿאַרזעעניש מיטן טאָפּלטן מויל האָט עפּעס געשריגן „נאַ־נאַ", וואָס קײנער האָט נישט געקאָנט ווײסן דעם טײַטש דערפֿון.

— יאָ, איך זאָג דאָס אײַך דעם, — האָט פּעסע־לאה פֿאַרענדיקט מיט אַ דושענדיק צופֿרידן געלעכטערל, — ווי אַזאַ מין מיגלדיקע זאַך האָט געקאָנט צו נאָר מאַכן אַ גאַנצע שטאָט...

ענדלעך, אין אײנעם אַ פֿרימאָרגן האָט פּעסע־לאה דורכן פֿענצטער דערזען צווישן די פּאַסאַזשירן פֿון האַלב־אַכטער צוג אײנעם, פֿון וועלכן זי האָט שוין נישט געקאָנט אָפּרײַסן איר בליק, און אַ קלײנע ווײַלע האָט זי געפֿילט, ווי איר האַרץ האָט אײַנגאַנצן אויפֿגעהערט צו קלאַפּן. אַחוץ זײַן פּנים, וואָס איז געווען באַהאַלטן אונטער אַ צו גרויסן קאַפּעליוש — ווײַזט אויס, נישט אויף זײַן מאָס געקויפֿט, — האָט פֿע־

סע־לאה אים איינגאַנצן געזען. זי איז געווען כמעט זיכער, אַז דאָס איז ער, זימל, נאָר עפּעס האָט זיך איר געדאַכט, אַז ער איז קלענער געוואָרן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ צעקנייטשטן גרויען מאַנטל, איבערגעאַרבעט אוודאי פון אַ זעלנערישן שינעל. אוין איין האַנט האָט ער געטראָגן אַ גרויס ווייס קוישל און אין דער צווייטער האַנט עפּעס אַ פּאַס.

די צוויי פרעמדע מיידלעך האָבן אַלע רגע געקוקט פאַרשנדיק אין פּעסע־לאהס פּנים, ווי זיי וואָלטן געפרעגט: „אַ, פּעסע־לאה, דער־אָ טאַקע?”.

פּעסע־לאה האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן: „יאָ, דאָס איז ער דאָך, מיין זימל!”... געזאָגט אָבער האָט זי בלויז מיט אַ צעשטערטן פּנים, נישט אָפּרייסנדיק עס פון דער שויב: „דאַכט זיך עפּעס, וואַרט נאָר צו”... באַלד אָבער האָט פּעסע־לאה ווידער דערזען, אַז זי האָט טאַקע נישט קיין טעות. וואָרן אָט זיינען זיך שוין אַלע פּאַסאַזשירן צעגאַנגען אין ביידע זייטן פון שטעטל, נאָר דער איינער גייט דאָ גלייך אַהער. פּעסע־לאהן האָט נאָר געוווּנדערט, וואָס ער שטעלט עפּעס אַזעלכע פּאַמעלעכע, געמאָסטענע טריט, גלייך די פיס וואָלטן אים ווי געטאָן. זי האָט געזען, ווי ער אַמפּערט זיך אַ היפּשע ווײַלע מיט אַ טרעגער־יונגל, לאָזט זיך נישט צונעמען די פּעקלעך, נאָר טראָגט זיי אַליין, און אַז ער האָט שוין באַדאַרפט אַריבערשפּריזן דאָס בריקל פון רינשטאָק, האָט ער ראַפּטום צוריקגעכאַפּט דעם פוס און זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט דאָס קוישל אַראָפּגעשטעלט אויף דער ערד, דעם קאָפּ האָט ער פאַרריסן אין דער הייך, און די פרייע האַנט האָט ער אויפגעהויבן, ווי ער וואָלט זיך באַגריסט... פּעסע־לאה איז געשטאַנען אַ צעמישטע: זימל צי נישט זימל? און יענער האָט דערווייל מיט קוראַזש אַ נעם געטאָן דאָס קוישל און איבעראַנייס גענומען שפּרייזן מיט געמאָסטענע טריט איבערן וועג. פון אַ זייט איז אָנגעפאָרן מיט אַ הילכיקער טראַסקעריי אַ פּויעריש פורל. פּעסע־לאה האָט אַ דערשראָקענע זיך צוגעקוקט, ווי יענער איז עפּעס פּלוצלינג געבליבן שטיין אינמיטן וועג און בייגט דעם קאָפּ אין איין זייט און אין דער צווייטער זייט, גלייך ער וואָלט נישט געוווּסט, אַז עס פאָרט אָן אַ פור, דאַרף מען וואָס גיכער אַנטלויפן... דאָס פורל איז דערווייל צוגעפאָרן אַלץ נענטער. אָט נאָך איין שפּאַן, און דאָס פערד טרעט אַרויף אויף אים. דער פויער האָט געצויגן די לייצן אויף צוריק און געשאָלטן אויפן קול: „הער, דו! אַוועק אין אַלדי כאָליערעס!” פּעסע האָט שוין געהאַט פאַרבראָכן די הענט און אַ געשריי געטאָן: „אוי!” אין דעם לעצטן מאָמענט אָבער האָט יענער אַ שפּרונג געטאָן פאַרויס, אויסגעמיטן דאָס

טראָסקענדיקע פּורל און ווידער מיט געמאָסטענע טריט זיך געלאָזט גיין צום טויער.

פּעסע־לאה האָט נאָך אַלץ נישט געוווּסט, צי דאָס איז איר זימל אָדער אַ פרעמדער, נאָר פונדעסטוועגן האָט זי אויפדערגייך צורעכט גע־מאַכט דאָס שייטל אויפן קאָפּ, פאַרגלעט די צעדריוולטע קאָלדרעס אויף די צוויי אייזערנע בעטלעך, אַ פּיר געטאָן דעם בעזעם איבער דער פּאָד־לאָגע און אַרויסגעלאָפן אויף די טרעפּ. געמאָסטן האָבן געהילכט זיינע רעגלמעסיקע טריט אויף די שטיינערנע שטיגן, און אַז פּעסע־לאה האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן אַנלען און שוין געוואָלט דערזען זיין פּנים, האָט זי פּלוצלינג דערהערט, ווי יענער ציילט אויפן קול:

„זעקס און צוואַנציק... צוויי און דרייסיק... אַכט און פערציק...".

מיט גליווערנדיקער שרעק אין אירע אבֿרים האָט פּעסע־לאה זיך צו־געהערט, ווי ער ציילט די שטיגן. זי האָט אים געוואָלט רופן און עפּעס נישט געקאָנט. ווי געיאָגט פון עפּעס בייזס, איז זי מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם צוריק אַריינגעלאָפן אין שטוב און אַ ווײַלע זיך אָנגעהאַלטן אָן דער קליאַמקע, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז זי וועט אומפאַלן. ביידע מיידלעך זיינען געבליבן שטיין אויף דער שוועל פון דעם אַנדערן צימער און געקוקט צו דער קיך־טיר, וואָס וועט זיך אוודאי באַלד עפענען. בלויז זייער מוטער איז געבליבן שטיין אַ רויקע לעבן קרעדענציל מיט אַן אָנ־געשפּאַרטער גאָמבע אויף אַן אייַנגעבויגענעם פינגער פון דער רעכטער האַנט.

ערשט ווען פּעסע־לאה האָט דערהערט, ווי די געמאָסטענע טריט גייען שוין הינטער דער טיר, האָט זי אָפּגעלאָזט די קליאַמקע און זיך געדוקט נענטער צו דער פרעמדער פרוי. אין דעם זעלבן אויגנבליק האָט זיך די טיר געעפנט און דער מענטש איז אַריינגעקומען.

ער האָט זיינע פּעקלעך געלאָזט שטיין לעבן דער טיר און מיט אויס־געשטרעקטע הענט געמאַכט אַ טריט פאָרויס:

— מאַמע, וואָס מאַכסטו!

פּעסע־לאה האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים, ווי געשטופּט פון אַ פרעמדן שטאַרקן כּוח. זיי האָבן זיך לאַנג געקושט. און אַז זיי האָבן זיך אָפּגעלאָזט, האָט זימל אַ צי געטאָן די פּעקלעך זיינע ווייטער אין שטוב אַריין און געזאָגט:

— אָט אַזוי, נישקושה. דו זעסט דאָך, מאַמע... אָבער ווו זיינען עפּעס אַלע?...

די מיידלעך זיינען געשטאנען אויף דער שוועל און מיט איינגע־האלטענעם אָטעם זיך צוגעקוקט צו זימלען, וועלכער קוקט, דאכט זיך, אויף זיי, נאָר קוקט עפּעס אזוי מאָדנע, ווי ער וואָלט זיי נישט געזען... זייער מוטער האָט זיך נישט ווילנדיק א ריר געטאָן פון אָרט און א ווייכן הוסט געטאָן. זימל האָט זיך ראפּטום אויסגעדרייט אין איר זייט, דער־לאנגט א האנט און זי געוואָלט ארומנעמען און זיך צעקושן.

— שלום־עליכם, טאטע! וואָס מאכסטו?!

די פרעמדע פרוי האָט מיט א פארשטומטן געשריי אין דער קעל זיך א ריס געטאָן צוריק, און זימל האָט זיך אָנגעכאַפּט אין קרעדענצל, ארומגעוואָרפנדיק פון דאָרט א גלאָז. פעסע־לאה איז געבליבן שטיין מיט פארקילט און פארגליווערט בלוט אין די אָדערן. זי האָט זיך גענו־מען קנייפּן שטיקער פּנים און רייסן ביינטלעך האָר פון קאָפּ, הערזשענ־דיק ערשט איצט, ווי פון זימלס פּנים קוקן ארויס אָנשטאָט אויגן צוויי פארקאלכטע לעכער, וואָס דערמאָנען אָן די ווייסלעך פון אויסגעבריטע אייער, בעת ס'נעמען זיך אויספּיקן הינדלעך...

אין עטלעכע מינוט ארום, בעת פעסע־לאה האָט זיך גענומען פאַר־רען ארום זיינע פּעקלעך, האָט זיך זימל אָנגעבויגן צו זיין קוישל און געזאָגט:

— איך זע דאָך, מאַמע, אז דו ווערסט דיר נישט קיין עצה געבן מיט דעם שלעסל, אָ, זעסט, ביי אנדערע שלעסלעך, אז מ'גיט א שלים אין דער זייט, פארמאכט עס זיך. און דאָ איז פארקערט, זעסט, איינס — און ס'איז שוין אָפן.

זימל האָט דערביי א צופרידענעם שמייכל געטאָן, ווי ער וואָלט באוויזן עפּעס א קונץ. די צוויי פארקאלכטע לעכער אין זיין פּנים האָבן זיך אָבער נישט א ריר געטאָן פון זייער פארגליווערטקייט.

דערנאָך האָט ער אליין גענומען אויספּאקן דאָס קוישל, יעדע זאַך האָט ער באטאַפּט מיט די הענט, און הערלאנגענדיק עפּעס דער מוטער, האָט ער יעדע זאך אָנגערופן ביים נאָמען. איין שטיקל וועש האָט ער אליין אוועקגעלייגט אין א זייט און געזאָגט:

— דאָס מעגסטו איך באהאלטן: עס קומט צונויץ. דאָ האָב'ך נאָדלען, פאָדעם און קנעפּלעך.

ווי מיט געליימטע הענט האָט פעסע־לאה צוגענומען פון זימלען די אלע זאכן און, לויט זיינע אָנווייזונגען, זיי אויסגעסדרט אויפן בעט. ווילנווייז האָט זיך איר געדאכט, אז זי גייט ארום ווי אין א בייזן חלום

און אז זי וועט דאָ באַלד נעמען מאַכן אַזעלכע גוואַלדן, אַז די גאַנצע שטאָט וועט זיך צונויפֿלויפֿן.

איצט האָט שוין זימל אַרויסגענומען די זאַכן פֿון צווייטן פּעקל. אַ געפּאָלדערוועט קלייד האָט ער געוואָרפֿן פֿון איין האַנט אין דער אַנדערער, גלייך ער וואָלט עס באַקוקט פֿון אַלע זייטן. לסוף האָט ער עס דערלאַנגט דער מוטער און געזאָגט:

— אָט דאָס קלייד האָט דיר געשיקט די מומע עלקע. וואָס די גבֿירהטע קאָן זיך שוין איבערגעבן, מישטיינסגעזאָגט. מיר דאַכט זיך, אַז אין דעם־אָ קלייד האָב איך זי געזען נאָך אַ שטיקל פֿאַר דער מלחמה, אויף לייבקעס חתונה. געדענקסט, מאַמע?

פּעסע־לאהס הענט האָבן פּלוצלינג גענומען ציטערן, און דאָס קלייד איז איר אַראָפּגעפֿאַלן צו די פֿיס. זי האָט זיך עפּעס אָנגעבויגן און מיט אַ דורכדרינגלעכן בליק גענומען קוקן אין זימלס פּנים. זימל אָבער איז געשטאַנען פּונקט ווי פֿריער און זיך געפּאָרעט אין זײַנע זאַכן. ענדלעך האָט ער פֿון קעשענע אַרויסגענומען אַ פּאַפּירל, אין וועלכן ס'איז געווען אײַנגעוויקלט אַ פּאָר שטיקלעך צעקרישלטע מצה. ער האָט עס געוויזן דער מוטער און מיט אַ ביטער־איראָנישן שמייכל געזאָגט:

— געדענקסט, מאַמע, דעם לעצטן פּסח, איידער איך בין אַוועק דינען? אָט האָב'ך צוריקגעבראַכט דעם מאַטן דעם אַפֿיקומן. נו, נו, מ'קאָן נישט זאָגן... דער אַפֿיקומן האָט מיך טאַקע „אָפּגעהיט"... דו זעסט דאָך, מאַמע...

און אין דער זעלבער צײַט האָט זיך דורך דער צוגעשפּאַרטער טיר פֿון אַנדערן צימער אַרײַנגעטראָגן אַהער אַן אויערן־קלינגענדיקע שטיל־קייט. דאָרט זײַנען געזעסן די צוויי פֿרעמדע מיידלעך און זייער מוטער. זיי זײַנען געזעסן מיט פֿאַרלייגטע הענט אויף דער ברוסט, ווי זיי וואָלטן וועלן אײַנהאַלטן דעם אָטעם, זייערע אויגן זײַנען געווען פֿאַרלאָפֿן ווי באַהויכט גלאָז, און אין דער דריקנדיקער שטילקייט האָבן זיי מיט די אויגן אײַנע די אַנדערע זיך דערציילט אַ מעשה מיט אַ זון, וועלכן מלחמה־פֿײַער האָט אויף אייביק שוין אויסגעבריענט די אויגן, און אַ מעשה וועגן אַ מוטער, וועלכע האָט יאָרנלאַנג אָפּגעוואַרט אָט דעם זון, און איצט...

און דערנאָך, אַז זיי האָבן שוין גענוי געוווּסט די גאַנצע מעשה, האָבן אַלע דרײַ כמעט גלײַכצײַטיק אַ זיפֿץ געטאָן און זיך אָן ווערטער צוריקגענומען צו זייער אַרבעט. די מוטער האָט זייער געשוויסט גענומען צו־נויפֿלייגן די שטיקלעך אויסגעפּאַרטיקטע וועש. איין מאַכטער האָט ווי־

דער געכומען נייען קנעפּליעך, און די יונגערע האָט זיך צוריק אוועקגע־זעצט ביי דער ניימאַשין, אוועקגעשטעלט אירע געשוואָלענע פיס אויף דעם טרעטער און אין דער שטוב האָט ווידער גענומען אַרומלויפן דער קלאַפּנדיקער טומל פון דער נייטמאַשין.

אין דער מינוט האָט זיך זימל אַ שטעל געטאָן אויף די פיס, ווי אַ שפּרינגפעדער. ער האָט אַ ווײַלע געקוקט אויף דער מוטער מיט אַ פריידיק־פאַרוואונדערט פּנים, און אין די האַלב־פאַרמאַכטע דלאָניעס פון זיינע אויסגעשטרעקטע הענט איז געלעגן אַזויפיל טענה:

— מאַמע! ווער נייט עס דאָרטן, ריוועלע? — האָט ער געפרעגט.
— פאַרוואָס האָסטו מיר געזאָגט, אַז דו ביסט געבליבן איינגאַנצן אַליין?..
יאָ? טאַקע ריוועלע?... וואָס? זי האָט זיך באַהאַלטן און געוויינט, פאַר־וואָס?

און נאָך איידער ער האָט געהערט, וואָס די מוטער זאָגט, איז ער באַלד אַריין אין אַנדערן צימער מיט אַ פריידיקן געשריי: „ריוועלע"! ער האָט גוט געדענקט דעם סדר פון די זאַכן: באַלד ביי דער טיר — דער קליידער־שאַנק. דערנעבן — דער טיש. און נאָך דער שאַנק, ביים פענצ־טער — די נייטמאַשין. און ביי דער נייטמאַשין — איז זימל זיכער — זיצט איצט זיין שוועסטער „ריוועלע" אַ פאַרוויינטע אויף דעם אומגליק, וואָס עס האָט געטראָפן איר עלטסטן ברודער...

זימל איז צו צו דעם פרעמדן מיידל מיט אויסגעשטרעקטע הענט, זי אַרומגעכאַפּט און געקושט:

— זע נאָר, ריוועלע! אויסגעוואַקסן אַ מויד, קיין עין־הרע!

ביי דער טיר איז געשטאַנען פעסע־לאה מיט אַ פאַרפּלאָנטע פּנים און פאַרטרערטע אויגן. זי האָט אַריינגעכאַפּט אין מויל אַ פינגער, זיך אַ ביס געטאָן, און מיט דער אַנדערער האַנט האָט זי געגעבן צייכנס דער פרוי און די מיידלעך, אַז זיי זאָלן איצט גאָרנישט רײַדן, אַז ס'זאָל שוין בלייבן אַזוי־אָ, ווי עס וויל דער אומגליקלעכער...

און זימל האָט געהאַלטן אין איין רײַדן צו „ריוועלען" און וועגן ריוועלען. „געדענקסט, ריוועלע, ווי דו האָסט זיך געלערנט נייען ביי דער מאַדאַם איזבעשיץ, אין אַלטן מאַרק?... אָ, איך געדענק גוט, ווי איינמאָל ביסטו אַהיים געקומען צו לויפן מיט אַ געוויין, אַז דו ווילסט מער נישט גיין צו דער אַרבעט, ווייל די מאַדאַם איזבעשיץ וויל דיך גאָרנישט לערנען דעם פאַך, נאָר זי וויל דיך מאַכן פאַר אַ דינסט־מיידל. הא, געדענקסט עס, ריוועלע?...".

— און דאָס געדענקסטו, מאַמע? — האָט זיך זימל ראַפּטום אויס־געדרייט און ווייטער גערעדט, ווייזנדיק מיט דער האַנט — אָט דאָ, אויף דעם שטיקל וואַנט, לעבן דער מאַשין, האָבן זיך פּלוצלינג געוויזן אַזעלכע קונציקע ליכטעלעך. קיינער האָט זיך נישט גע־וואָלט מודה זיין אין דער אַרבעט, ביז מ׳האָט אַמאָל געכאַפּט ריווע־לען ביי דער האַנט, ווי זי גראַבלט מיט אַ פינגער אין וואַנט און פאַר־דערט זיך דערמיט דאָס פּנים, כדי זי זאָל אויסזען אייִדעלער, אַזוי ווי אַלע שטאָטישע מיידלעך. און געדענקסט וואָס דער טאַטע האָט דאָס דעמאָלט צעאַרבעט צוליב דעם?

— אַזוי, אַזוי... און היינט, ריוועלע, אַרבעטסטו שוין פאַר זיך, אין שטוב. איי, געדענק איך, ווי דו ביסט שטענדיק אין כעס געווען אויף דער מאַדאַם אייבעשיץ...

דאָס מיידל ביי דער מאַשין האָט נישט געוווּסט, ווו זיך אַהינצו־טאָן; פון גרויס צעשטרייטקייט האָט זי נישט געפילט קיין אבר. זי האָט פון מאָל צו מאָל נישט ווילנדיק אַ זאָג געטאָן: „יאָ" און אַלץ כסדר אַזוי געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, מוראַ־האָבנדיק זיך צו באַ־געגענען מיט דער שוועסטערס און מומעס בליקן...

און פּעסע־לאה איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דער שאַנק, און אירע רעיונות האָבן זיך געדרייט ווי די פליגלען פון אַ ווינטמיל: פּאַריז, האַנאָווער, בוענאָס־איירעס, לאָדזש. „דערציילן די קינדער וועגן זייער צוריקגעקומענעם ברודער אָדער לאָזן עס אַזוי ווי ביז איצט?"... ביז פּעסע־לאה האָט דערפילט, אַז זי קאָן שוין נישט איינהאַלטן אין זיך די זיפצן, וואָס שטעכן איר אַזש אין די געדערים, און אַז זי קאָן שוין נישט איינהאַלטן די טרערן, וואָס דריקן איר אין האַלדז; — האָט זי אַ פאַר־שטעל געטאָן איר פּנים מיט ביידע הענט, ווי בעתן ליכט בענטשן, און איז אַזוי־אָ מיט אַ פאַרשטיקטער כליפּעניש אַריין אין ערשטן צימער.

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד זיינען צו זימלען כסדר געקומען און גע־גאַנגען מענטשן — אַלץ זימלס אַמאָליקע באַקאַנטע. זיי זיינען אָפּ־געזעסן ביי אים שעהן לאַנג, און כמעט אַלע זיינען געווען גאָר נייגע־ריק צו וויסן, ווי אַזוי עס גייט עפּעס צו אויפן שלאַכט־פעלד, ווי אַזוי מע שלאָגט זיך מיטן שונא און ווי אַזוי עס זעט אויס, ווען מע גייט „נאַ שטיקי"... דערנאָך זיינען די אַלע מענטשן אַוועק צו זיך אַהיים, נאָכדערציילט זימלס מעשׂות פון די שלאַכט־פעלדער און אויס־געלאָזט יעדע מעשׂה מיט רחמנות און מיט אַ הנאהדיקן קרעכץ, וואָס ער אַליין געפינט זיך נישט אין אַזאַ לאַגע.

— א שאָד אזא יונג... ווי אַלט, מיינסטו, איז ער איצטאַנצן?... און פאַר וועמען האָט ער געפּטערט זיינע אויגן?...

שפּעטער האָבן שוין די געסט אײפֿגעהערט צו קומען. זיי האָבן שוין געוווּסט אַלע מעשות זימלס. מיט דער מוטער און מיט „ריוועלען" האָט שוין זימל אויך נישט געהאַט וואָס צו ריידן, אחוץ איינמאָל אין טאָג:

— מאַמע, גייסט אַראָפּ, ברענג מיר אַ פּאָר פּאַפּיראָסן...

אָדער איינגערוימט „ריוועלען" אין אויער אַזוי, אַז די צוויי פרעמדע מענטשן זאָלן נישט הערן:

— אפשר האָסטו קליינגעלט? דער מאַמען מוז שוין פאַרדריסן, וואָס איך נעם ביי איר כסדר אויף פּאַפּיראָסן...

דערנאָך פלעגט ער זיך אַוועקזעצן ביים פענצטער, שעהן לאַנג „קוקן" אין דרויסן און הערן און „זען": אַ קליינער הילצערנער וואָגן זאָל מיט אַ געדרעמדל פון פאַרנט. ציגן קומען און פאָרן אַוועק מיט אויפגעשיסנדיקע פייער־רויך און פייפעריי. פּאַסאַזשירן שטופּן זיך דורך דער קליינער פעריאָן־טיר און שלעפּן וואַליזעס, פּעק, זעק...

ביז איינמאָל זעט פּעסע־לאה, ווי איינמיטן טאָג נעמט זיך זימל אַרומוואַשן און טוט אָן אַ פרישן קאָלנער. דערנאָך פּוצט ער זיך לאַנג די שיך און דעם מאַנטל. פּעסע־לאה גייט אים כסדר נאָך און טרעפט צו דערלאַנגען אים אין האַנט אַריין דאָס, וואָס זימל דאַרף אַקוראַט האָבן, און אַז ער שטייט שוין ביי דער טיר צום אַוועקגיין, טוט ער אַ פרעג די מוטער:

— ווי מיינסטו, מאַמע, אַריינגיין צו נחום ראָזנבלום? זיי האָבן מיר דאָ דערציילט, אַז היינט איז ער נאָך העכער ווי פאַר דער מלחמה, וואָס זאָגסטו?

— וואָס קאָן שאַטן? — פרעגט אויך די מוטער אין פאַרלעגנהייט. — קיין פּאַטש וועט ער דאָך דיר נישט געבן...

זימל האָט זיך געזאַמט עטלעכע שעה. און אַז ער איז צוריקגעקומען אַהיים, האָט ער דער מוטער גאָרנישט געזאָגט, ער איז גלייך אַריין אין אַנדערן צימער, זיך אַוועקגעזעצט לעבן דער קלאַפּנדיקער ניי־מאַשין און דערציילט „ריוועלען", אַז אָט קומט ער טאַקע נאָרוואָס פון נחום ראָזנבלום, פון דעם גרויסן געשעפט, ווו ער, זימל, האָט נאָך געאַרבעט יונגלווייז. און דערציילט האָט זימל אַקוראַט אַזוי, ווי ער וואָלט געווען אַ זעעוודיקער, אַז ער האָט דאָס געשעפט קוים דערקענט...

— פאַר וועמען — פאַר וועמען, נאָר פאַר די סוחרים און שפּעקולאַנטן לוינט די מלחמה שטענדיק, — האָט זימל מיט ביטערניש גערעדט, רייכערנדיק דעם שלעכטן פּאַפּיראָס, — מיט נחום ראָזנבלומס זון בין איך דאָך געשטאַנען צוזאַמען צום פּריזיוו, זיין טאַטע האָט געגעבן געלט, האָט מען דעם זון באַפרייט, איך האָב נישט געהאַט קיין געלט — האָב'ך געמוזט געבן מיינע אויגן...

און ווייטער האָט זימל דערציילט, ווי אַזוי זיין געוועזענער באַלעבאָס האָט אים אויפגענומען. נחום ראָזנבלום האָט אים אפילו באַלד דערקענט און אים אָפּגעשטעקט א ברייטן „שלום־עליכם“. אים, ראָזנבלומען, איז געווען זייער טשעקאַווע צו וויסן, ווי אַזוי עס געשעט דאָס בלינד ווערן אויף דער מלחמה... און אַז אין קראָם זיינען פּלוצלינג אַריינגעקומען עטלעכע קונים, האָט ראָזנבלום געזאָגט צו זימלען, אַז ער זאָל קומען צו אים שבת נאָכן עסן, וועט ער שוין מיט אים זיך גענוי אדורכשמועסן...

— איך בין אָבער געבליבן וואַרטן, — האָט זימל ווייטער דערציילט, — און אים געזאָגט, נאָך וואָס איך בין געקומען. אין זיינע אויגן האָב'ך גענומען א ליטער, צוגעשטעלט צו דער פּאָליצע און אַראָפּגענומען פון דאָרט א פּעקל סחורה. מע דאַרף מיר נאָר ווייזן איינמאָל וווּ עפּעס ליגט... אויפן בופעט־טיש איז געלעגן א פּאַרפּאַקט פּעקל, האָב איך עס אָנגעטאַפּט מיט די פינגער און געוויזן, אַז ביי דער־אָ זייט מוז מען עס נאָכאַמאָל אַרומבינדן מיט א שפּאַגאַט, אַז נישט וועט עס זיך צעשיטן. ער האָט מיר טאַקע געגעבן גערעכט, אָבער צו דער אַרבעט מיך צונעמען — אַז איך זאָל עפּעס פאַרדינען — וויל ער נישט. איך פאַרשטיי מיין לאַגע... אָבער גלייב מיר „ריוועלע“, אַז איך קאָן אַרבעטן. באַטש מיינע אויגן זיינען בלינד, זע איך אַלץ־אַלץ. איך זע בלויז אויף אַן אַנדער אופן, ווי די זעעוודיקע... איך האָב עס געגעבן צו פאַרשטיין ראָזנבלומען. אָבער קאָן א זאַטער גלייבן א הונגעריקן... די זעלבע מעשה מיט מיר... קיינער וויל מיך נישט פאַרשטיין... און פאַר זיי האָב'ך דאָך געפּטרט מיינע אויגן...

דערנאָך זיינען שוין געקומען טעג הורכאויים גרויע און מידע, טעג און וואָכן פולע מיט האַרבסטיקע בלאָטעס און רעגנס.

א קאַרגע האַלבע שעה גאַנג פון שטאָט, מיטן בריג פונעם שוואַרצן טייך, נאָענט פון די זאַמד־בערג, ליגט דאָס פּאַרטוליעטע דערפל מאַרלאַבאַנדז. טאָג־טעגלעך כמעט גייט איצט אַהין זימל צו די יאַוויצעס,

מיט וועלכע זימלס טאטע האט נאך אמאל, מיט יארן צוריק געהאט שותפות עסקים און זיי האבן געוווינט אין שכנות.

דעם וועג אהין קען זימל געטוי. ער געדענקט נאך פון אמאל. באלד אין אנהייב א ברייטער, זאמדיקער וועג. דערנאך לאנקעס. איבער דעם שמאלן ריטשקעלע ברודיקן וואסער, וואס לויפט ערגעץ פון א פאבריק, ליגט א שמאל בריקל. נו, יא, אמאל פלעגט ער גיין מיט זיי־נע ערע טריט איבער דעם־א בריקעלע... און דערנאך ערשט הייבט זיך אן דער שווארצער טייך מיט דער גרויסער בריק, וואס פון איין זייט פאלט דאס וואסער אראפ אין א טיפער גרוב מיט אזא טומלדיקן שוים און זידע־ניש, גלייך הונדערטער אומגעזעענע הענט וואלטן דא טאג און נאכט געשטאנען ביי א ריזיקער באליע און געפליעסקעט מיט שטיקער וועש...

און ביי די יאוויצעס איז זימלען גוט. ס'איז דא שטיל. דער אלטער יאוויץ טוט שוין הייגט גארנישט. יעדן חודש דערהאלט ער רעגולער געלט פון זיינע קינדער, וועלכע געפינען זיך אין אויסלאנד. דא שפירט זיך שטענדיק דער טעם פון גוטע מאכלים. די צוויי אלטע לייט האלטן נאר אין איין קלערן, וואס צו טאן, כדי אויסצומיידן א קרענק אדער סתם א נישט־ניחאדיקע צוטשעפעניש. איז אט אין דער שטוב קומט עס זימל כמעט טאג־טעגלעך. אוונטרצייט זיצט דער אלטער יאוויץ מיט זימלען ביים טיש, און זיי טרינקען טיי מיט איינגעמאכטס. דער אל־טער האט ליב צו הערן מעשיות פון דער מלחמה. צו ביסלעך לעקט ער פון לעפעלע די גוטע איינגעמאכטס, און יעדעס מאל האט ער עפעס אנדערש צו פרעגן:

— טאקע אויף דער אמת? האסט מיט דיינע אייגענע אויגן געזען דעם צאר? ניקאלייען?!

— וואלט איך אים בעסער געזען שפעטער... — ענטפערט זימל מיט א שווערן זיפץ. — ווען מע האט אים דערשאסן...

— אזוי, דערשאסן?... איז עס טאקע אמת? הערסט, ברכהלע! — שרייט דער אלטער צום ווייב, — זיי האבן טאקע דערשאסן דעם צאר מיט דער צאריצע, אלע! די גאנצע פאמיליע!...

— מסתמא איז אזוי געווען באשערט... — ענטפערט די אלטע מיט פרום־פארשניטענע ליפן.

דערנאך גייט זימל אהיים, איבערלאזנדיק דעם אלטן יאוויץ א צוזאג, אז מארגן וועט ער ווידער קומען...

מאנכעס מאָל בלייבט זימל שטיין אויף דער גרויסער בריק, אָנגעשפאַרט מיט ביידע הענט אָן אָנלען, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ צו דער שוימיקער זידעניש. קאָן ער אַזוי אַמאָל אָפּשטיין אַ שעה און צוויי, און בעת מעשה זיך דערמאָנען אָן טעג פון הונגער אין געפאַנגען־לאַגער, ווען ס'איז געווען אַ שאָד אויפצועסן דאָס ביסל ביטערע גראָז; צייטן, ווען צוליב אַ געפונענער פאַרפוילטער קאַרטאָפליע האָבן זיך די געפאַנגענע צעהרגעט אויף טויט, מחמת יעדער איינער האָט געוואָלט די קאַרטאָפליע צוכאַפּן בלויז פאַר זיך אַליין, פאַר זיין קישקע...

און נאָך זאַכן דערמאָנט ער זיך: אָט די פרוי, וועלכע האָט אים אַ געוויסע צייט געהאַלטן ביי זיך, ווען ער איז אַרויס פון געפאַנגען־לאַגער, און זי האָט אים שפּעטער געהאָלפן אַהיימפאָרן. זי האָט אים געגעבן עסן, און זיי האָבן זיך געקושט אין די ליפּן... ער ווייסט, אַז זי הייסט די „געלע זוזא", ער ווייסט אויך איר אַדרעס. ווען ער קאָן אָבער ווייסן, ווי אַזוי זי זעט אויס, איז ער גרייט הערפאַר אַ האַלב לעבן אַוועקצוגעבן.

אָט דאָ, שטייענדיק אויפן בריק, דערמאָנט ער זיך אָן דעם אַלעמען. מאַנכעס מאָל גיט עס זימלען אַ ציִ אַראָפּ פון דער בריק, און ער בלייבט שטיין גאָר נאָענט פון די ברעטער, פונוואַנען דאָס וואַסער פאַלט אַראָפּ מיט אַזאַ האַסטיקער קאַסעניש און זידעניש. און מאַנכעס מאָל טראַכט זיך זימל אַזוי: „וועמען טויג ער שוין?... צו וואָס?... צו וועמען?... איז ווען ער זאָל זיך אַזוי פּלוצלינג, כמעט אומגערן אַ בייג טאָן אויף לינקס און ווידער כמעט אומגערן אַריינפאַלן און אין דעם־אָ צעכוואַליעטן אין צעשיימטן גרוב... האַ?..."

די איינציקע פרעגעניש יאָגט זימלען אָן אַ קעלט אין אַלע ביינער. מיט שווינדעלניש אין אַלע אברים בייגט ער נאָך נידעריקער דעם קאָפּ צו דער זודיקער שוימעניש, ווי ער וואָלט מיט אָפענע אויגן אַריינגעקוקט אין דעם רוישיקן אָפּגרונט... אָבער מיטאַמאָל גיט עס אים אַ ריס אַוועק פון דעם אָרט, ווייטער פון דער בריק, צוריק אַהיים, צו דער אַלטער אָרעמער מאַמען אָן צו „רעוועלען"... דאָס בלוט נעמט האַסטיקער לויפן אין זיינע פאַרקילטע אָדערן. עס ווערט אים וואַרעמער, און ער שעמט זיך פאַר זיך אַליין, פאַר זיינע פריערדיקע געדאַנקען...

און אָט אַזוי, ווי זימל וואָלט דאָ געהאַט עמעצן ביי דער זייט, נעמט ער זיך אויסטענהן מיט זיך אַליין אויפן קול און פאַרענטפערט זיך: „איך האָב דען מורא?... וויפל מאָל האָב'ך שוין געזען דעם

טויט פאַר די אויגן? ...אָבער ווימען וועל איך אָפּטאָן דערמיט?!... ווימען? קאַספּער איז דאָך גערעכט"...

אין זינען האָט איצט זיך די נאָך עטלעכע מלחמה־אינוואַלידן, וועלכע זיינען שוין אויך אהיימגעקומען, איבערלאָזנדיק ערגעץ שטיקער לייב־און־לעבן און גאַנצע אברים... אָט — יאָשע דער שוסטער, וועלכער „בּאָרט„ איצט אויפן הינטן, ווייל זיינע פיס זיינען געבליבן ערגעץ אין א פעלד־לאַזאַרעט... און נחמן קאָוואַל, וואָס וועט שוין קיינמאָל נישט קאָנען נעמען דעם האַמער אין דער רעכטער האַנט, ווייל עס געבליבן איז ער בלויז ביי דער לינקער האַנט... און טאַקע קאַספּער אויך, וועלכן ס'האָט געטראָפן פּונקט אַזאַ בראָך ווי אים, זימלען, — געפּטרט ביידע אויגן, און ערשט אין דער פינצטערניש דערזען, ווער עס איז שולדיק אין זיין אומגליק... געגאַנגען זיך שלאָגן פאַר די אַרומיקע פּריצים, פאַר די שטאָטישע הייזאייגנטימער, וועלכע ווילן אים איצט אָפּצאָלן פאַר זיינע אויגן מיט א גראָשנדיקע נדבה...

קאַספּער באַנטעוועט זיך טאַקע. און זימל איז שוין אויך צוגעשטאַנען צו אים. און די איבעריקע אינוואַלידן האָבן אויך צוריקגעוואָרפן די צוגעטיילטע גראָשנס, וואָס ווערט אָנגערופן „אינוואַלידן־פּענסיע" און וואָס קלעקן קאָן עס נישט אויף לעבן, נישט אויף שטאַרבן, נאָר בלויז אויף מאַטערן זיך...

און דערמאָנענדיק זיך ווייטער אין קאַספּערס רייד, שעמט זיך שוין זימל גאָר שטאַרק פאַר דעם, וואָס עס איז אים פריער איינגעפאַלן אָפּצוטאָן ביי דער בריק...

„קאַספּער איז דאָך גערעכט" — טראַכט זימל ווייטער, אָנטאַפּנדיק מיט די הענט די פינצטערניש אַזוי אַרום א וועג פאַר זיך, — „ניין, אויף צו להכעיס די אַלע רייכע זינדלעך און די עלעגאַנטע מיליטער־לייט מוזן מיר לעבן און שטענדיק זיי אַנטקעגן טראָגן דעם נישט געצאָלטן חוב, וואָס זיי זיינען אונדז שולדיק"... „און נאָך מער דאַרפן מיר לעבן — זאָגט קאַספּער — פאַר די פון אונדזערס גלייכן, פאַר דעם „האַרמאַטן־פלייש". זאָלן מיר אַרומגיין צווישן זיי ווי א לעבעדיקע וואָרענונג, אַז זיי זאָלן וויסן פאַר וועמען זיי גייען זיך שלאָגן"...

און אָט דערמאָנענדיק זיך אָן דעם אַלעמען, גיט זיך שוין זימל א וואָרט מער זיך נישט אָוועקצושטעלן ביי דעם זודיק־שוימיקן וואַסער, ער מוז לעבן און וויל לעבן, ווי א לעבעדיקע וואָרענונג פאַר אַנדערע פון זיינס גלייכן...

# מענטשן

1

דער רעכטער באַלעבאָס, ס'הייסט דער גרעסטער שותף פון דער גרויסער פּאַפּיר־קראָם, איז אַ גרויסער פּלאָשער. אַ וואָרט איז ביי אים קיין וואָרט ניט. אָט רעדט ער אָפּ אַ זאַך — און ער רעדט מיטן גאַנצן פּנים, מיט די הענט און מיט אַלע אבֿרים — און עס דאַכט זיך, עס בלייבט שוין אַזוי. און מיטאַמאָל, טאַקע באַלד נאָך דעם צעזאָג־טערטן רעדן, איז פּיפּאַ, עטשעפּעטשע, און עס לאָזט זיך אויס אַ בוי־דעם.

אַז ער נעמט צו אַ נייעם „מענטש", זאָגט ער אים צו פון פייגל־מילך. אויף צוזאָגן איז ער גלאַט ניט קאַרג. אויב דער „מענטש" איז נאָך אַ בחור, זאָגט ער אים צו חתונה צו מאַכן אויף אַ גאָר ליר־טישן אופן. און אויב ער איז שוין אַ באַווייבטער — זאָגט ער אים צו אפילו בייהילפיק צו זיין ביים אָפּגטן דאָס ווייב. ער אַליין פאַרלאַנגט גאָר פון נייעם „מענטש" איין זאַך: ערלעכקייט און געבן אַכט אַכ־טונג אויף אַלע איבעריקע — וואָרן די ברידער מיינע, מיינט איר — האָט ער ליב צו זאָגן, — קאָן מען ניט אַרויסטראָגן פון געשעפט צו־זאַמען מיט די פּאָליציעס, כע! כע!

און אָט אַזוי, מיט גוטע רייד־רעדעלעך און מיט הוילע צוזאָגן, שאַפט ער זיך יעדעס מאָל איין אַ פרישן „עבֿד" — אָט אַזוי רופט ער זיינע „מענטשן" — און ער האָט ליב, אַז אַרום אים זאָלן זיך דרייען וואָס מער „עבֿדים".

ס'ערשטע מאָל פאַרביעט ער אַריין דעם נייעם „מענטש" אין קאַ־בינעט און רעדט מיט אים לאַנג און דערציילט אים, ווי אַזוי ער אַליין האָט זיך, דאַנקען גאָט, אַרויפגעאַרבעט. „און חאָס אַלץ", — חזרט ער איי־בער עטלעכע מאָל, — „ווייל איך האָב ניט געוואָלט וויסן פון די „פּאַ־

ריינעס" מיט די שטרײַקערס, נאָר ערלעך און געטרײַ געדינט מײַנע באַלעבאַטים".

און דערבײַ שמײכלט ער צו מיט אַזאַ קלוג שמײכעלע, וואָס דאַרף באַווײַזן, אַז דאָס אַלץ, וואָס ער זאָגט איז הײליקער אמת. פּונקט אַזוי שמײכלט ער צו די סוחרים און פֿאַבריקאַנטן, וועלכע ער קלײַבט זיך אָנדרײען אַן אײַער ווי ס'געהער צו זײַן.

2

לפֿנים איז דאָס געשעפֿט זונטיק פֿאַרמאַכט, פּונקט ווי אַלע איבעריקע געשעפֿטן. הײַנט אַרום אַרבעט מען אָבער גאַנץ געשמאַק אַ גאַנצן טאָג און טײלמאָל נאָך לענגער ווי אין אַ געוויינלעכן טאָג. קרעמער קומען זעלטן, און עס פֿעלט נישט קײן פּדיון. אָבער אַרבעט איז דאָ איבערן קאָפּ. מ'פּאַקט אױס קאַסטנס סחורה, מע לײגט אײַן אין די פּאָליצעס און מ'רוימט אױף אין יעדן ווינקל. דער רעכטער באַלעבאָס, דער הער אַוסעי, האַלט זײער שטאַרק פֿון דער דאָזיקער אַרבעט. דאָס איז, זאָגט ער, דער אײנציקער טאָג אין דער וואָך, ווען מ'טוט עפּעס פֿאַר זיך. אַזוי זאָגט ער, אַרבעט מען דאָך נאָר פֿאַר די „חזרים" און „סוואָלאַטשעס", פֿאַר די קרעמער הײסט עס, כּדי זײ זאָלן קאָנען אָנזעצן און זיך מאַכן אַ גרינג לעבן.

רב נאָסקע, אײנער פֿון די באַלעבאַטים, וועלכער שטײט אַ גאַנצן טאָג אין קראָם, און געטרײַ נישט זײַנע אײגענע פֿינגער, האָט אָפֿט ליב אַ פּלוידער צו טאָן פֿון פֿאַרגאַנגענע צײַטן. ס'רוב שטײט ער איבער אַ גרויסן בוך און קאָנטראָלירט די חשבונות. די ברילן זיצן אים שטענדיק אויף דער שפּיץ נאָז און די אויגן זײַנע קוקן ווײַט פֿון דער זאַך, אויף וועלכער זײ קוקן איצט אינדעראמתן. און אָפֿטמאָל איז שווער צו דערגײן, צי קוקט ער טאַקע מיט די אויגן, אָדער מיט די בלויזע גלעזלעך פֿון די ברילן.

איז אָט דאָ אַנומלטן טוט רב נאָסקע פּלוצלינג אַ פֿרעג דעם „טורקעסטאַנער":

— טאַקע, זאָג דעם אמת, הערשל, האָסט מיט דײַנע אײגענע אויגן געזען ניקאָלײען?

## 3

דעם צונאָמען „טורקעסטאַנער" האָט הערשל געקריגן, ווייל ער האָט און אָפּגעסמאַליעט פּנים און ווייל ניקאָלאַי האָט אים געשיקט דינען אויף פיר יאָר צייט קיין טורקעסטאַן, אין דער שטאָט אשכאַבאַד.

בעת דער וועלט־מלחמה און אין דער צייט פון געפאַנגענשאַפט איז הערשל אויסגעווען אפשר א האַלבע וועלט. נאָר אַלץ „הינטער". ער איז געווען הינטער מאָסקווע, ער איז געווען הינטער ווין, הינטער פּאַריז און הינטער בערלין. אַלץ „הינטער". די שטעט, זאָגט הערשל, זיינען ביי אים נישט קיין נייעס. ער האָט שוין, זאָגט ער, געזען עפּעס שענערס. נאָר ווו, א שטייגער, הערשל האָט שוין געזען עפּעס שענערס ווי בערלין און פּאַריז? — דאָס קאָן מען ביי אים נישט געוווירוערן.

— וואָס טויגן מיר די גרויסע שטעט — זאָגט הערשל — יעך האָב ליב דאָס קלענערע אָרט. דאָרט קאָן מען זיך בעסער קערעווען. איר זעט דאָך, אז פון „לאַגער" אפילו בין איך אויך אהיימגעקומען מיט קעשענעס קראַנען.

ער איז א טייערער יונג, דער הערשל, אבי מע גיט אים נאָר א פּאַפּיראָס. פאַר א פּאַפּיראָס טוט ער אַלצדינג. ער העלפט צו אין אַן אַרבעט, וואָס געהער נישט צו זיין „טשין", און טראָגט צו מיט א לאַכנדיק פּנים א פיין גלעזל טיי. (אמבעסטן האָט ער ליב זיך פּאַרען יעדן טאָג א פּאָר שעה ביי דער טיי און בעת מעשה אַרויסקנייפּן פון דער קעשענע שטיקער פּריש ברויט). און פאַר די אַלע, וואָס רייכערן נישט און גיבן אים נישט קיין פּאַפּיראָס, האָט הערשל אויף אַלץ נאָר איין ענטפער, וועלכן ער רעדט אַרויס מער מיט דער נאָז ווי מיטן מויל און דווקא אויף רוסיש:

— „פּרי סוואָלאָטשי — זאָגט ער — ניקאָגדא שאַפּקו ניע סנימיי".

אויף פּראָסט לשון מיינט הערשל דערמיט צו זאָגן:

— „נישקושה, ביסט נישט חולה אַליין זיך צו נעמען טיי".

הערשלס אַרבעט אין דעם גרויסן געשעפט איז: א גאַנצן טאָג זיך פּערדלען מיט דעם האַנטוועגעלע פון איין שפּייכלער אין אַנדערן און באַזאָרגן די אַלע נייטיקע סחורות, וואָס מע דאַרף אַקוראַט אונטער דער האַנט.

## 4

פיר שותפים זיינען זיי, די באַלעבאַטים פון דעם גרויסן געשעפט. דריי ברידער און איין פלימעניק, רב נאָסקעס זון, העדמאַן.

דער עלטער באַלעבאָס איבער, דער נעמער און דער צאָלער, דער גאַנצער דעה־זאָגער איז דער הער אָווסעי פּליינט. די איבעריקע שותפים האָבן אויך דעות. דער חסרון איז אָבער, וואָס ער, דער הער אָווסעי, הערט זיי נישט.

ער איינער, דער הער אָווסעי, האָט שטעקן אין געשעפט גאַנצע זיבעציק פּראָצענט. דאָס גרויסע הויז אויף דער מערגאַס איז פאַרשריבן אויף זיין נאָמען. און דער צענטראַל־שפּייכלער, וועלכן ער בויט איצט — כדי נישט זיין צעוואָרפן איבער דער שטאָט מיט עטלעכע קלענערע, שפּייכלערס, איז אויך פאַרשריבן אויף זיין, אָווסעיס, נאָמען.

אויב, זאָגט ער, עס איז דאָ אויף דער וועלט א יושרדיקער מענטש, איז עס ער, דער הער אָווסעי פּליינט. ער זאָגט דאָס אקעגן זיינע ברידער. וואָרן סך־הכל זיינען זיי דאָך ביי אים געווען, זאָגט ער, בלויז „מענטשן" ווי אַלע איבעריקע. נאָר אַזוי ווי מיט א „מענטש", אפילו דעם געטרייעסטן איז מען קיינמאָל נישט זיכער, האָט ער זיי געמאַכט פאַר שותפים — אגב, איז עס דאָך פאָרט ברידער — און היט אייך, זאָגט ער, אייער פאַרמעגן.

אין קראָם אריין קומט ער ווייניק. סיידן ווען ער דאַרף זיך אביסל אויסשרייען. ס'איז שוין ביי אים אזא טבע יעדע פאַר טעג זיך אָנשרייען ביז עס זעצט זיך אים א שוים אויף די ליפּן און ער ווערט הייזעריק. פריער הייבט ער אָן ביי די „מענטשן", נאָר ער רופט נישט אָן קיינעמס נאָמען. דערנאָך נעמט ער זיך צו זיינע ברידער. זיי טויגן, זאָגט ער, פאַר שמשים אין דער חברה ש"ס און נישט אין א געשעפט. ער זאָגט זיי אריין אָן א שיעור מאָל, אז זיי זיינען בהמות און אידיאָטן און בעת־מעשה האָט ער גרויס הנאה דערפון. דערנאָך לויפט ער ראַפּטום ארויס פון קראָם, דערלאַנגט א האַק מיט דער טיר און באַרוויזט זיך ווידער אין עטלעכע טעג ארום.

אין קאַנטאָר, וואָס האָט זיך א באַזונדערן אריינגאַנג נעבן געשעפט, געפינט זיך דעם הער אָווסעיס פּליינטס קאַבינעט מיט א ספּעציעלן טעלעפאָן. א גאַנצן טאָג רעדט ער מיט פרעזעס, דירעקטאָרן און פאַבריקאַנטן. ער רעדט מיט א שפּריץ און מיט נאַסע ליפּן, און אין זיין טעלעפאָן־טרייבל קלייבט זיך שטענדיק אָן א זומפּל. אין א באַ־

שטימטע שעה רופט ער אריין צו זיך די מאַשיניסטן און דיקטירט איך די קאָרעספּאָנדענץ, און בעת־מעשה קאָן ער זיך נישט אָפּשטעלן פון די זינדיקע געדאַנקען, וואָס באַפאַלן אים תמיד ביים דיקטירן די בריוו. ערשט, אַז עס מאַכט זיך אים אַ ביסל פרייע צייט, דרייט ער זיך אַרום אין קאָנטאָר צווישן די בוכהאַלטערס, קלאַפּט אויף די שלעכטע געשעפטן און לאַכט און חזרט זיך איין וויצן, וואָס עס זאָגט דער פּראָקורענט פּליג, דער־נאָ, וואָס פּאַרפעלט נישט צו קויפן קיין איין וויצן־בלאַט און געדענקט פון דאָרט אַלץ, פון וואָס דער באַלעבאָס קאָן נאָר הנאה האָבן.

דער הער אָוסעי פּלינט איז אַ גבאי אין דער סינאַגאָגע, און שבת טראָגט ער אַ צילינדער. ער וואָלט זיך געלאָזט קאָסטן אַ סך געלט, אַבי צו ווערן אַ חזן אין דער געמיינע, כאָטש אַ האָזאָר — זאָגט ער — אויך מיר אַ יחוס, הײַנטיקע דאָזאָרעס, מ׳שטייגס געזאָגט.

ער האָט אויך ליב צו געבן צדקה און דווקא אַ שיינע מטבע, אָבער נאָר דעמולט, ווען עס קומען צו אים די גאָר שיינע ייִדן, ס׳הייסט אַזעלכע, וואָס לאָזן זיך רופן מיטן נאָמען: „פּרעזעס" אָדער „פּאָלקס־פּאַר־שטייער". אַלע איבעריקע, זאָגט ער, „אַז דער הער אָוסעי איז איצט נישטאָ", און ער שיקט זיי אָפּ צו זיינע שותפים, אַז יענע זאָלן זיי שוין אָפּפּטרן.

אַממייַנסטן האָט ער ליב צו געבן געלט אויף ישיבות. ס׳וואָלט אים נישט געאַרט, זאָגט ער, ווען אַלע איבעריקע קרעמער, ס׳הייסט זיינע קאָנ־קורענטן, זאָלן ווערן מלמדים, צי גאָר רבנים. ער וואָלט שוין אויסגע־קומען, זאָגט ער, אָן זיי אויף אַ גאָר גוטן אופן.

דער הער אָוסעי פּלינט האָט אויך ליב אויסצוזידלען אַ קליינ־שטעטלדיקן קרעמער, אויב יענער לאָזט זיך נישט באַרייסן אין חשבון אַקוראַט אַזוי, ווי ער, אָוסעי, וויל. און ער האָט סתם אַמאָל אַ הנאה זיך אָנצושווערן אויף אַ ליגן, אַז עס איז ריינער אמת...

5

הערמאַן, רב נאָסקעס זון, איז נאָך אַ בחור, און ער האָט אַ טבע צו דלאָבען מיט די פינגער אין די נאָזלעכער. אין געשעפט און סתם צווישן מענטשן רופט ער זיין פאָטער „פּאַפּאַ". רב נאָסקען, צו זיין פּנים און צו זיין באָרד און צו זיינע תמיד צעקנעפּלטע הויזן — מחמת

ער איז א געררער חסיד — פאסט זיך אזוי דער נאמען, ווי א קאזאק א טלית. און טאמער פארגעסט ער אמאל און זאגט ארויס דאסווארט „טאטע", טוט ער זיך א כאפ צוריק, גלייך ער וואלט זיך אפגעבריט די שפיץ צונג.

אויף הערמאנען זאגט מען, אז ביי אים וואקסן די יארן אין דער ברייט, מחמת ער איז א קורצער און א גראבער. זיין היפשלעך פנים איז גראב און ווייך, ווי אויסגעקנאטן פון קיט. זיינע אויגן — צוויי פולע שיסעלעך וואסער, וואס אטעמט, דאכט זיך, וועלן זיי זיך אויסגיסן. און זיין נאז, אין וועלכער ער דלאבעט מיט די פינגער אזויפיל יאר, איז ווי א בייזער שפאס פון א בעקער, וואס ווארפט ארויף אן איבעריק טייגל אויף א גלאטן שמריצל.

אמאל־אמאל, ווען רב נאסקע איז געווען א „מענטש" ביי יענעם און געארבעט אלס אויפזעער ביי שאסייען, האט הערמאן געהייסן א יידישן נאמען און געלערנט אין א ישיבה. היינט זיצט הערמאן אין קאנטאר און קאלקולירט די פרייזן. ער איז דער קענער און פיינשפרעכער מיט די אויסלענדישע פאבריקאנטן. אוסעיען רופט ער „אנקל", און ער האט מיט אוסעיען געענג איינגעזעהט, אז ער זאל אים, הערמאנען, רופן: „מיין נעפפע".

6

די איבעריקע צוויי שותפים, רב נאסקע און רב מנשה'קע, שטייען א גאנצן טאג אין קראם און היטן זיך אפ, אז איינער זאל מאכן עפעס א שלעכט געשעפט, כדי דער אנדערער זאל קאנען דערפאר אים צונעמען די לעבער.

ביידע האלטן נישט פון קאנטאר און פון די בוכהאלטערס און פון די בלעכליי גראבע פודיקע ביכער, אין וועלכע מע האלט אין איין שרייבן. רב נאסקע זאגט, אז די גאנצע קאנטאר איז אן אומזיסטע הוצאה. גאנצע טעג, זאגט ער, קלאפט מען אויף די מאשינעס און מע שרייבט אין די ביכער און ווי עס קומט עפעס צו א מעשה, קאן מען ביי זיי קיין טאלק נישט דערגיין.

דערויף דערלאנגט רב מנשה'קע א צעוואָרף ביידע הענט און ענטפערט רב נאסקען מיט א געבייזער (עס הייסט בייזערן ביזערט ער

זיך קיינמאָל נישט, נאָר ביי אים איז שוין אזא טבע צו ריידן אלצדינג מיט א געבייזער).

— טאָ וואָס, — זאָגט ער, — דערהציילסטו דאָס מיר? זאָג דאָס אים און קאַנטשעגאָ!

„אים" — מיינט ער אָוסעיען, דעם, וואָס האָט די גאַנצע דעה.

— אים — טוט רב נאָסקע א קרים דאָס פּנים מיט א ביטול־שמייכל — די קענסט נישט זיינע משוגעתן? רעד מיט א פּלוט!

— איך וויל אויך נישט רעדן מיט א משוגענעם!

אזוי געשעט עס שוין שטענדיק. ווי נאָר זיי ווייסן, אז זיי וועלן נישט פּועלן ביי אָוסעיען עפּעס א זאַך, מאכן זיי אים באלד פאר א „משוגענעם".

7

דער סאמע עלטסטער אין די יאָרן איז רב נאָסקע. ער האָט א מאָגער בייזפּאַרזויערט פּנים, ווי א גאַנער. סיי זומער, סיי ווינטער, האלט ער שטענדיק די הענט אויף הינטן פארשטעקט אין די אויסגעדרי־בענע אַרבל. דער פארפעצטער פּליושענער קאפּעליוש זיצט אויף זיין קאָפּ שטענדיק אין דער ברייט. די לאַנגע גראָלעכע האָר קריכן אים אין האלדז אריין און פון דאָרט פּלאָנטערן זיי זיך ווייטער ביז דער לאַנגער, שיטערער באָרד. זיין אויסגעריבענער מאַנטל האלט זיך פארמאכט אויף איין קנאָפּ אינדערהויך. און אז רב נאָסקע נעמט עפּעס זוכן הינטערן מאַנטל, אין זיינע אָנגעשטאָפּטע קעשענעס מיט פּאַפּירלעך, בלייבט ער שטיין, ווי פארחושכט, מיט די ברילן אויף דער שפּיץ נאָז און מיט צע־קנייפּלטע הויזן.

„איי, ווען נישט די באָלשעוויקעס, זאָגט רב נאָסקע, וואָלט ער נאָר פארשפּאָרט די גאַנצע מאַטעמאַטיש, ארומציקריגן זיך מיט א וועלט מענטשן און צו שטיין א גאַנצן טאָג אין קראָם אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע פאר די עטלעכע פּראָצענט, וואָס אָוסעיי האָט אים צוגעטיילט. ווען נישט די באָלשעוויקעס, זאָגט רב נאָסקע, וואָלט ער נישט גע־האט אזא אָנגעפּוישטן ליידיקן בויך מיט יסורים און דעם מיחוש אין דער רעכטער זייט, וואָס אז עס דערלאַנגט אים א כאַפּ אָן, איז ער גרייט צו פארלייקענען ווייב און קינד".

אָט איז אַנומלטן געשען אַ מעשה אַקוראַט, ווען עס האָט רב נאָסקען געגעבן אַ כאַפּ אָן:

אין קראָם איז אַריינגעקומען דער שדכן, אָט־אָדער, וואָס איז אויך אַ בעל־קורא און פאַר פּסח האַנדלט ער צו מיט מצות און פאַר סוכות — מיט אתרוגים. ער גייט שוין צו רב נאָסקען שיינע עטלעכע יאָר און וויל מיט געוואַלט אויסגעפינען אַ שידוך פאַר רב נאָסקעס ביידע קינדער — פאַר דער טאָכטער, וואָס איז געראָטן אין דער מאַמען, מיט איר הויך, דיק און ברייט, און פאַר הערמאַנען. דער שדכן קומט שטענדיק מיט אַ לאַכנדיק פּנים און איז זיכער, אַז אָט־אָט האָט ער שוין דאָס ריכטיקע, וואָס רב נאָסקע וועט נישט פאַרבראַקירן. רב נאָסקע שטייט איינגעבויגן מיט אַ האַנט אויף דער זייט און מיט אַ יסור־רייִמדיק פּנים, גלייך מע וואָלט אים באַגנבעט, אָדער ווי ער וואָלט האָבן אַ פאַרדאַכט, אַז מע וויל אים באַגנבענען. און ווי דער שדכן בייגט זיך צו צו אים און וויל אים עפּעס איינרוימען, טוט זיך רב נאָסקע אַ רוק אָפּ און גיט אים אַ פרעג מיט אַ פּאָר צעגליטע אויגן:

— ווער זענט איר?

דער שדכן גיט זיך דערשראָקן אַ וואָרף צוריק. ער האָט זיך אַ ווײַלע אַרומגעקוקט, צי ער האָט טאַקע נישט קיין טעות. באַלד אָבער האָט ער ווידער געפּרוּווט זיך צובייגן צו רב נאָסקען און זיסלעך גע־חנפעט:

— רב נאָסקע, רב נאָסקע, אַ געזונט אין אייך.

— וואָס רב נאָסקע־שמאָסקע, — האָט רב נאָסקע אַ צעוואָרף געטאָן די הענט און אים שיִער נישט פאַרפאָרן מיט זיי אין פּנים אַריין — ווער זענט איר, פרעג איך אייך? איך קען אייך גאָרנישט?

דער שדכן שפּרינגט אויש אונטער, ווי עס וואָלט אים געוואָרפן אין קדחת.

— רב נאָסקע, רב נאָסקע!

— אַז איך קען אייך פאָרט נישט! איך בעט אייך, מאַטערט מיך נישט.

ערשט שפּעטער, ווען דער מיחוש אין דער זייט לאָזט אים אָפּ און דער שדכן קומט ווידער, רעדט רב נאָסקע מיט אים לאַנג וועגן דעם פרישן שידוך.

8

אין די אלע אומגליקן פון דער וועלט, זאָגט רב נאָסקע, זיינען שולדיק די באָלשעוויקעס. ווען מע גיט אים א פּיסטויל אין דער האַנט אַריין און מע זאָגט אים „שיס"! וואָלט ער אין זיי געשאָסן. וואָרן ווען נישט זיי, זאָגט ער, וואָלט ער היינט נישט געהאַט אַזאַ צרה, ווי ער האָט, און וואָלט נישט געוואָרן גראָ פאַר דער צייט. ער איז זיי שוין מוחל, די באָלשעוויקעס, וואָס ס'האָט זיך זיי אויך פאַרוואָלט יעקאַטע־רינאָסלאַוו. ער קאָן זיי אָבער נישט שענקען דאָס, וואָס זיי האָבן זיך געטשעפּעט צו זיין, רב נאָסקעס, פאַבריק פון גילזן און פּודעלעך. כאָטש פון דער פאַבריק, — זאָגט ער, — האָט ער שטענדיק מער ווי קרענק און יסורים נישט געהאַט. ס'איז געווען, זאָגט ער, פּונקט ווי אַמאָל, ווען ער האָט געסטראָייעט שאָסייען, בלויז א קאָפּחדריעניש מיט די ראַבאָ־טשעס. און ווען נישט, זאָגט ער, די עטלעכע יידן, וואָס האָבן געאַר־בעט אין דער פאַבריק און געהאַט פּרנסה, וואָלט ער די פאַבריק שוין לאַנג געהאַט פאַרקויפט.

9

— און דערומעך — זאָגט רב נאָסקע — טאָר מען זיי נישט טרוי־ען און נישט גלויבן, די אלע סלוזשיטעלעס און ראַבאָטשעס, ווייל דאָס איז איין באַנדע סוואָלאָטשעס, וואָס קוקן נאָר אויס די מינוט, אז עס זאָל אויך דאָ ווערן אַזאַ מעשה, ווי אין יעקאַטערינאָסלאַוו. די געטרייסטע און אפילו אייגענע טאָר מען אויך נישט גלויבן. דאָס פאַרשטעלן זיי זיך נאָר אַזוי, אָבער אין דער אמתן זיינען זיי פּשוטע גראַביטעלעס.

אָבער אַזוי איז זיך רב נאָסקע אַ זייער אָרנטלעכער און פרומער ייד. ער איז אויסגעבונדן מיט א מאַסע רבנים און סתם־שיינע יידן. ער האָט אפילו פיינט, זאָגט ער, אויסצורעדן, אָבער דעם קינישינער רב האָט ער נאָך קיינמאָל נישט אַוועקגעלאָזט מיט ליידיקן. אז מ'קומט צו אים נאָך געלט פאַר א ישיבה גיט ער. ער דינגט זיך טאַקע — ווייל אַלץ, זאָגט רב נאָסקע, איז געשעפט — אָבער געבן גיט ער.

רב נאָסקע קען אַלע קרעמער. ער האָט נאָך געקענט זייערע טאַ־טעס און זיידעס. ער האָט זיך ליב צו באַרימען, אז ער ווייסט אפילו, וואָס יעדער קרעמער קאָכט אויף וועטשערע. ער איז קלאָר אין זייע־

רע אלע שטעטלדיקע מחלוקות. און טאָמער טרעפט, אַז אַ קרעמער וויל בעסער קוקן אין חשבון און נישט הערן די אַלע מעשׂות, טוט זיך רב נאָסקע אויף אים אַ לאָז מיט זידלערייען און מיט אַ „וואַן סוואָלאָטש"! און אַז דער קרעמער לאָזט זיך אַלץ נישט אָפּנאַרן, נעמט זיך רב נאָסקע צו אים צורוקן גאָר נאָענט, זיין פּנים ווערט אים קלענער, און די הענט נעמען אַרבעטן פון זיך אַליין. דער קרעמער קאָן שוין אפילו נישט אַנטלויפן, ווייל רב נאָסקע ליגט שוין אויף אים אײַנגאַנצן אָנגעשפּאַרט מיט זיין אָנגעפּוישטן בויך. אמת איז טאַקע, אַז רב נאָסקע האָט נאָך קיינעם נישט געשלאָגן, מע הערט נאָר בלויז ווי דער קרעמער שרייט אָפּ מיט אַ פאַרכריפּעט קול: „גוואַלד! ער קנייפּט! וואָס קנייפּט איר?".

## 10

דאָס איז אויך געווען רב נאָסקעס אייפּטו — ווי נאָר ער איז געקומען „צו לויפן" פון די באָלשעוויקעס — נישט צו פאַרמאַכן די קראָם אויף די צוויי שעה מיטאָג־צייט. ערשטנס, האָט ער געטענהט, איז אַ שאָד פּדיון; צווייטנס, האָט ער געזאָגט, האָט ביים קיסר אַליין אויך נישט געדויערט קיין צוויי שעה דאָס מיטאָג, און דריטנס — דאָס האָט ער שוין געזאָגט אין דער שטיל אַוועקגעגעבן — טויג עס גלאַט נישט. ווייל ווי נאָר מע גיט אַ זאָג אַרויס דאָס וואָרט „מיטאָג" — טאָן „זיי" זיך אַ ריס ווי די כּלבֿים, עפּעס נעמען זיי זיך פּוצן צורגיך און כאַפּן צורגיך אויף זיך די מאַנטלען. אַז ס'איז אַפילו נישטאָ קיין צייט אויף „זיי" אכטונג צו געבן. מיט איין וואָרט — האָט רב נאָסקע געטענהט — עס טויג נישט אַזוי פאַר אונדז.

אינדערפרי קומט רב נאָסקע אַריין קראָם אַריין פון די ערשטע. ער נעמט זיך באַלד קאָנטראָלירן די חשבונות און גייט בעת מעשׂה אכטונג אויף די „מענטשן". אַרום דריי אַזייגער, ווען די ערשטע פּאַרטיע גייט אויף מיטאָג, טוט זיך רב נאָסקע אַ דערמאָן: „שאַ, איך האָב נאָך היינט נישט איבערגעביסן". פאַרנאַכט, ריכטיק איידער מע פאַרמאַכט די קראָם, ברענגט מען אים אין אַ טעפּל דאָס מיטאָג. שפּעטער, אַז דאָס געשעפט איז שוין פאַרשלאָסן, גייט ערשט רב נאָסקע אַריין אויף עטלעכע שעה אין קאַנטאָר. ער זיצט דאָרט מיט אַוועקגעלייגטע אויגן אין האַלט אין איין באַמערקן אים אין אויער אַריין: אַז דער „עולם" פוילט זיך אונטער, איז נישט געטריי אין אַרבעט נישט. אַלע, זאָגט ער, פון קלענסטן ביזן גרעסטן

זוכן נאָר ווי אזוי אָפּצונארן. אז ס'איז גאָר קיין „מענטשן" נישט, זאָגט ער, נאָר זיי האָבן אין זין די פּענסיע און ווייטער גאָרנישט.

שפּעט אין אָוונט קומט רב נאָסקע אהיים און זיצט אזוי ביז נאָך האַלבער נאַכט א שווייגנדיקער און אָנגעכמורעטער, אריינגעטאָן אין א באַרג פאַרמלחמהדיקע חשבונות און צעטעלעך, וואָס פּילן שטענדיק אָן זיינע קעשענעס. ערשט ווען דער מיחוש אין דער זייט טוט אים א כאַפּ אָן, לייגט ער זיך שלאָפן.

11

רב מנשה'קע לאָזט זיך שערן די באָרד ווי א קעזל און ער האַלט זיך פאַר א „דייטש". ער טראָגט מאָדישע פּאַלטנס און א האַרטן קאַפּעליוש.

ער איז א נידעריקער מיט רירעוודיקע אברים, וואָס באַוועגן זיך, דאַכט זיך, פון זיך אליין, מחמת ער האָט א קורצע ראיה, טראָגט ער גרויסע אַמעריקאַנערברילן. און ווייל ער איז אויך א היציקער, טרעפט אָפט, אַז ער טוט א פאַל אָן אויף א קרעמער און זידלט אים אויס מיטן ערגסטן צוגלייך. דער קרעמער שטעלט אויס מויל און אויערן און בלייבט שטיין מיט א דערשראָקן פּנים. ערשט דעמלט טוט רב מנשה'קע א רוק אַרויף די ברילן אויפן שטערן, קוקט זיך א ווילע איין אין דעם קרעמער און זאָגט מיט א מחילהדיק פּנים: „פּשעפּראַשאַם". עס הייסט, זידלען האָט ער טאַקע געדאַרפט, אָבער גאָר אן אַנדערן.

ס'דוב קרעמער ווילן דווקא האַנדלען נאָר מיט רב מנשה'קען, מחמת ער איז א צוגעלאָזענער און ווערט גיך מושווה. אז א סוחר האָט צו אים א טענה, טוט רב מנשה'קע א צעוואַרף די הענט און זאָגט מיט א געבייזער (אזא מבע ביי אים צו רעדן אַלץ מיט א געבייזער):

— מירן צו א דין־תורה נישט גיין! מירן מאַכן פּאָפּאָלאַם און קאָנטשעגאָ!

באַזונדערס ליב האָט רב מנשה'קע צו האַנדלען מיט קרעמערקעס. און אַלע קרעמערקעס זיינען ביי אים ווי די שיינע פּירות. און קיים טרעפן אַזעלכע, וואָס רב נאָסקע זאָגט, אז ס'איז גאָר א מיגל צו קוקן אויף זיי, און ער וואָלט נישט געוואָלט שטיין אין זייערע ד' אמות — פאַרלירן זיי אָבער גאָרנישט אין רב מנשה'קעס אויגן. מע זאָל זיי

נאָר, זאָגט ער, גיט אײנוואַשן און אָנטוען ווי ס׳געהער צו זײַן, װעלן זײ שוין װערן גאָר, גאָר...

אויף אַלץ אין דער װעלט האָט רב מנשה׳קע אַ „פּרימיער״ מיט װײַבעלעך: אַ משל מיט אַ יונג װײַבל, װאָס האָט אַן אַלטן מאַן, אין דער אַלטער, נעבעך, קאָן זיך מיט גאָרנישט העלפֿן; אָדער אַ משל פֿון אַ רײַכער עלטערער פֿרוי, װאָס האָט גענומען אַ יונגמאַן, און זי זעט אים נאָר בײַטאָג סאַמע דרעמלט, װען ער װערט צעריסן פֿון הונדערטער געשעפֿטן. אַז רב נאָסקע װיל אים אַ שמאָך טאָן, גיט ער אים אַ װאָרף צו: „װײַבערישער קרעמער״. רב מנשה׳קען אָבער אַרט דאָס קנאַפּ װאָס. ער איז נישט, זאָגט ער, פֿון די סאָרטן ייִדן, װאָס אַלײן קוסן זײ, װי מ׳טאָר נישט, און אַנדערע לאָזן זײ אַהין נישט צו.

רב מנשה׳קע איז קלאָר אין אַלע „מעשׂות״, װאָס עס שרײַבן יעדן טאָג אויף גאַנצע זײַטן די באַלעבאַטישע צײַטונגען. און אַחוץ דעם װײסט נאָך רב מנשה׳קע פֿון אַן אַ שיר „מעשׂות״, װאָס די צײַטונגען שרײַבן נישט. ער װײסט פֿון באַקאַנטע סוחרים, װאָס לעבן שלעכט מיט זײערע װײַבער, װײַל די װײַבער לעבן גוט מיט אַנדערע מענער. ער װײסט פֿון רײַכע קרעמערקעס און רײַכע אַלמנות, װהאָס מע רעדט אויף זײ, אַז זײ האָבן ליב שײנע ייִדן מיט שײנע בערד. און װעגן אײנער אַזאַ אַלמנה װײסט אַפֿילו רב מנשה׳קע, אַז זי האָט זיך געלאָזט קאָסטן דערױף אַ סך געלט.

אַחוץ דעם האָט נאָך רב מנשה׳קע אויפֿן קאָפּ אַלע װײַבלעך און מײדלעך פֿון דעם גרויסן הויף, װו דאָס געשעפֿט איז. ער צײלט געננוי, װיפֿל מענער ס׳זײַנען הײַנט אַרױפֿגעגאַנגען צו דער היטן־מאַכערקע, און ער װאָלט שטאַרק װעלן װיסן, פֿון װאָס, אַ שטײגער, עס לעבט אַזאַ פּריזירקע פֿון צװײטן שטאָק, װאָס האָט אַ מאַן אַ שלימזל, און אַלײן גײט זי זיך שפּאַצירן אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק. רב מנשה׳קע האָט דער ערשטער דערצײלט די מעשׂה, אַז דער פּישערקעס טאָכטער האָט נאָך דער חתונה געבוירן אַ צװילינג; און אים גײט אין לעבן צו װיסן, װער פֿון די צװײ „בעזדזשעטניקעס״, װאָס האַלטן אין הויף אַ שפּײַזגעװעלבל, איז שולדיק אין דעם, װאָס זײ האָבן נישט קײן קינדער.

אין געשעפֿט שטײט רב מנשה׳קע בײַ אַ פֿולט ריכטיק אַקעגנאיבער דער טיר. און יעדעס מאָל, װי נאָר ער דערזעט אײנדרױסן אַ דינסטמײדל, טוט ער אַ לױף צו צו דער אָפֿענער טיר, כּלומרשט רײניקן די נאָז, און כאַפּט בעת־מעשׂה אַ קוק אויף איר ער הויך־פּאָרשאַרצ־

טע נאַקעטע פיס. און פּונקט ווי עמעצער וואָלט אים געפרעגט, נעמט ער ווידעראַמאָל דערציילן די מעשה פון טרוסקאַוועץ, וואָס האָט מיט אים געטראָפן מיט דריי יאָר צוריק: ווי אַזוי ער, רב מנשה׳קע, איז געזעסן אויף אַ באַנק אין פּאַרק און זיך אָפּגערוט נאָך אַ באָד, און ווי אויף דערזעלבער באַנק איז אויך געזעסן אַ יונג פּראָסנישער ווייבל. נו, רעדט מען און מע שמועסט. און ער, רב מנשה׳קע, זעט, ווי זי נעמט זיך עפּעס קראַצן און אַ זאָק אין וואָס אַמאָל אַלץ העכער, אַז אָט־אָט האַלט זי שוין ביז איבער די קני־ען.

— אַקעגן דעם וואָס איר זאָגט פּראָווינציער ווייבלעך. — פאַרענדיקט רב מנשה׳קע די מעשה מיט אַ פול מויל, זיין פּנים שמייכלט מיט הנאה, און די גלעזלעך פון די אַמעריקאַנער ברילן שמעלצן זיך פון נחת.

12

אַלע „מענטשן" פון דעם גרויסן געשעפט — פון דעם שיק־יינגל ביזן פּראָקוריסט — ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי זיינען דאָ אָנגעקומען אין זכות פון „עפּעס". פון די אייגענע, שטיקלעך ווייטע קרובים שמועסט מען נישט. אַלע איבעריקע אָבער, די פרעמדע, האָבן אויך עפּעס אַ שטיקל זכות. געוויינלעך ווערט מען דאָס ערשט געוואויר פון דער אָווסעי נאָך די פּאָר חדשים, וואָס מע אַרבעט אָפּ אויף פּראָבע.

איינעמס „זכות", דהיינו, איז דער, וואָס ער איז אַ טשענסטאָכאָווער. אַ טשענסטאָכאָווער, זאָגט דער הער אָווסעי, איז נישט קיין וואַרשעווער. קודם־כל רייסט נישט אַ טשענסטאָכאָווער דאָס מויל מיט דעם „יאַך" און האָט נישט אין זיך די נאַלעווקער ליגנס. און אחוץ דעם האָט ער סתם ליב טשענסטאָכאָוו, ווייל דאָרט איז ער מיט כמה יאָרן צוריק אָנגעקומען אויף זיין ערשטער שטעלע. ער האָט דאָרט טאַקע, זאָגט ער, אַריינגעכאַפּט גענוג צרות און שמיץ. אָבער די טבע פון אַ מענטש איז, אַז דאָס אָרט, וווּ מע כאַפּט געשמיסן, קריגט מען ליב.

פונדעסטוועגן אַרבעטן אין געשעפט עטלעכע, וואָס רעדן דווקא „יאַך" און זיינען דווקא אמתע נאַלעווקער. נו, האָט דער הער אָווסעי גענומען און פאַר יעדן פון זיי אויסגעזוכט עפּעס אַ „זכות". שאול בינשטאָק איז זיך סתם אַן אָרנטלעך מענטשל. ער איז אַמאָל געשטאַנען מיט אַן אייגענער קראָם און האָט אין דער צייט פון „פּאַסעק" אַזוי

„געראָטן" שפּעקולירט, ביז ער איז אָנגעקומען אויף אַ שטעלע צו די ברידער פּליטש. נו, איז טאַקע אַ סימן, זאָגט חער הער אָוסעי, אַז שאול איז נישט קיין נאַלעוואַקער. דער הויכער דאַטאַמער האָט אַ „זכות", וואָס ער האָט נישט קיין טאַטן און האַלט אויס די מוטער. און קאָפּטשיק, חער געהילף־בוכהאַלטער, איז סתם אַ יחסן: ער האָט געהאַט אַ זיידן אַ וואַרשעווער רב.

די אַלע „זכותים" גילטן אָבער נאָר דעמאָלט, ווען דער הער אָוור־סעי קוקט זיך צו מיט הנאה, ווי די „מענטשן" שוויצן ביי דער אַר־בעט און רייסן פון זיך אָפּ דאָס לייב־און־לעבן. ווי נאָר אָבער עס קומט צו געלט אָדער עמעצער בעט אַ הוספה, וויל גאָר דער הער אָוסעי מיט די „עבדים" נישט רעדן. סך־הכל זאָגט ער, האָט ער פון זיינע „מענטשן" גאָרנישט. אַלע בעאַמטע, זאָגט ער, זיינען זיי אידיאָטן און בידלאַקעס. און ער ווייסט נישט, טענהט ער, פאַרוואָס ער טוט נישט אַזוי, ווי די אַנדערע קרעמער טוען. יעדע פּאָר חדשים דאַרף מען טוישן „מענטשן", נאָך אַיידער זיי נעמען קריכן אויפן קאָפּ. וואָסי, זאָגט ער, ס'פעלט דער מין? ס'איז אפשר אַזאַ טייערע סחורה, וואָס מע דאַרף עס ברענ־גען פון אויסלאַנד און אָפּצאָלן דערפאַר צאָל?

13

דאַכט זיך, אַז מער געטריי זיינע באַלעבאַטים, ווי עס איז בערל פּיקטער, קאָן מען שוין נישט. ביי בערלען איז אַ קרן מציל צו זיין אַ שטיקל שפּאַגאַט, וואָס וואַלגערט זיך אַרום אויף דער פּאָדלאָגע. ער וועט צען מאָל אַדורכנישטערן דעם קויש מיט מיסט, טאָמער האָט זיך נאָך דאָרט עפּעס פאַרוואַלגערט. זיינע קעשענעס פון גענאַטעטן בגד זיינען שטענדיק פול מיט טשוועקעס און שטיקלעך שפּאַגאַט, וואָס ער רייסט פּשוט אַרויס הערשלען פון אונטערן בעזעם, בעת יענער וויל דאָס פאַרקערן אין אַ ווינקל אַריין צוזאַמען מיטן מיסט.

— הערשל, הערשל, — נעמט זיך בערל ביי אים בעטן — אוי־וויי, מאַכט נישט קיין אַשפּות, ס'איז דאָך יידיש געלט.

בערל פּיקטער דוט נישט קיין מינוט. נישט דאָס, איז יענץ. שטענ־דיק האָט ער עפּעס צו טאָן, און יעדע ווילע איז ער עפּעס מציל. און טאָמער טרעפט, אַז ער האָט שוין טאַקע גאָרנישט וואָס צו טאָן, סטראָ־יעט ער אויס פון אַלטע ברעטלעך אַ שפּאָגל־נייעם קאַסטן.

ביי די באלעבאטים אבער איז זיין מי קנאפ אנגעליינט. אז רב נאסקע זעט, ווי בערל ביינט זיך אראפ אויפקלויבן טשוועקעס, מוט ער א זאג: „רב בערל! רב בערל! אויצטער איז א צייט אויף אזעלכע נאר־רישקייטן? איצט דארף מען פארפאקן סחורות!". און מאמער וואלגערט זיך עפעס אדום אויף דעד פאדלאגע, און קיינער הייבט עס נישט אויף, מוט רב נאסקע א זאג: „רב בערל, רב בערל! איר זענט דאך עפעס א פרומער ייד. זעט נאר דא, ווי עס ווערט פארמארנעוועט יידיש געלט".

און בערל שטעפערט גארנישט. ווי א מיד פארמאטערט אייזעלע, שלעפט ער די אלטע פיס און טוט אלץ, וואס מע הייסט אים, און מאמער קומט צו רייד וועגן בערלען, זאגט זיך רב נאסקע אפ אזא מין פסוק:

— יא, רב בערל איז זיך מאקע א פרומער מאן און ארנט־לעך מענטשל. נאר דא אין געשעפט טויג ער נישט. יא, פאר א גבאי־אין א חברה־קדישא איז ער גוט. א בעל מוסף, האב'ך געהערט, איז ער אויך נישט קיין שלעכטער. אהער אבער טויג ער נישט. עס איז גלאט פריקרע, וואס ער האלט זיך פאר א שטיקל איינגענעם, און דערפאר איז זיך אביסל שווער פון אים אפצושטשעפען.

14

מרעפט אמאל: אז רב נאסקע האט אקוראט אביסל פרייע צייט און אויך א גוטע מינוט, פארדרייסט אים גלאט, וואס בערל פיקטער איז שוין באלד א זיבעציקער און האט נאך פונדעסטוועגן נישט קיין גראע באָרד. כדי צו באהאלטן זיין פארדראס, נעמט ער פריער רעדן פון עפעס אנדערש, און לסוף מוט ער אים א פרעג מיט א בילטן חוזק־שמייכעלע:

— א, רב בערל, ווי אלט זענט איר אן עין־הרע?

בערלס פנים מיטן שמערן שרומפט זיך איין, ווי אן אויסגעטרוקנ־טער שוואם. ער נעמט אויך צו הילף די פינגער פון ביידע הענט און וויקלט פאנאנדער א חשבון:

— ס'הייסט אין דער אמתן — זאגט בערל — געדענק איך נישט אקוראט. וואָרן ס'איז מיינע יאָרן, אז איך זאל זיי ציילן? אבי דער אין הימל שענקט דאס לעבן. נאר דאכט זיך, אז'יב איך מאך נישט קיין טעות, יע, בעת גאנץ ביאליסטאק איז געווען פול מיט טערקן, בין איך שוין מסתמא געווען א יינגל פון א יאר צען־צוועלף. האט איר איינ־

מאָל אַוועק. נו, און דערנאָכדעם, בעת מ'האָט מיך גענומען אויף סלוזשבע אין סאַראַטאָוו, האָב'ך דאָך שוין געהאַלטן דעם פּאַכט אין פּיקעטע און לייבל איז שוין מסתּמא געווען אַלט א יאָר צוויי און מיט יאָסלען האָט זיך דאָס ווייב אַקוראַט געריכט אין קימפּעט. האָט איר שוין א קימאַלן...

פּלוצלינג אָבער כאַפּט זיך בערל, אַז ער האָט שוין נישט צו וועמען צו רעדן. ר' נאָסקע האָט זיך באַלד ביים אָנהייב חשבון אַפּגעדוקט אין א זייט און געשמייכלט אין דער באָרד אַריין. „אָט אַן אַלטע בהמה". בערל פּיקטער פּרוּווט צו אים צוגיין און פאַרענדיקן דעם חשבון. רב נאָסקע אָבער רוקט זיך אַלץ אָפּ פון אים. אַ ווײַלע בלייבט בערל שטיין מיט איינגעבויגענע, צעטומלטע פינגער, דערנאָך טוט ער א מאַך מיט די הענט, אָט ווי עס וואָלט געווען נישט כדאי, און נעמט איבעראַניים דאָס העמערל און פאַרקלאַפּט איינגעפּאַקטע קאַסטנס מיט סחורה.

15

ביי בערל פּיקטער פירט זיך אַלץ פּונקט ווי אַמאָל בעת דער „סלוזשבע" זיינער אין סאַראַטאָוו. די קאַנטאָר הייסט ביי אים „נאַטשאַלסטוואָ", און דער העך אַוועסעי — דער „סאַמע גלאַווניער".

אַז בערל גייט אַריין אין קאַנטאָר, טוט ער זיך היינטער דער טיר א שטויב אָפּ די מלבושים און גיט א גלעט צו די שיטערע באָרד. אַיינעוויניק שטעלט ער זיך גלייך ווי א סאָלדאַט, דערלאַנגט דאָס, וואָס ער האָט צו דערלאַנגען, זאָגט דאָס, וואָס ער האָט צו זאָגן, און גייט אַרויס.

סיידן מע פאַרהאַלט אים, וואָס עס טרעפט זייער אָפּט. וואָרן, אַז דער פּראָקורענט פליג וויל מיט עפּעס פאַרווײַלן דעם באַלעבאָס, טוט ער א שפּאַר אָפּ די טיר פון קאַבינעט, וווּ עס זיצט דער העך אָוועסעי, און אַליין נעמט ער איינטענהן מיט בערלען:

— וואָס מאַכט איר עפּעס, רב בערל? — הייבט אָן געוויינלעך דער פּראָקורענט — איר טרעפט נאָך דאָ עפּעס אַמאָל אויער פּיקטער פריץ, דעם „פּאָסעול" מיין איך, וואָס זיצט אין סיים?

נו, גייט אַוועק א מעשה, ווי אַזוי ער, בערל, גייט זיך אַנומלט אויף דער גאַס און גאַרנישט. פּלוצלינג זעט ער עפּעס אַנטקעגן זיך א באַ־

קאַנטלעך פּנים. נאָר ווען זאָל עס איינפאַלן, אַז דער איז זיין, בערל פּיקטערס פּריץ, דער פּאַן וואַדאָטשיק? און נאָך אײַדער בערל האָט אים רעכט דערקענט, טוט דער פּריץ אַ פֿאַל צו צו אים מיט אַזאַ גדולה, גלייך ער וואָלט זיך ווען מיט אים צעקושן. דערנאָך האָט ער זיך גענומען אויספֿרעגן אויף דאָס און אויף יענץ, און אין מיטן דרינען נעמט ער גאָר און דערלאַנגט אים אַ טייערן, שמעקעדיקן ציגאַר, און נישט אַנדערש, נאָר ער זאָל אים צוזאָגן, אַז ער וועט מיר־צישעס קומען צו אים. נאָר ווער וועט גיין צו אים? אַז נישט דער קאָפּ האַלט דערביי, און ס'איז גלאַט קיין צייט נישטאָ.

— הכּלל, בקיצור, סיי־ווי־סיי, שוין, — זאָגט אָפּ דער פּראָקורער די עטלעכע ווערטער און מיינט דערמיט אָפּצושפּעטן פֿון בערלען, — זענט איר הייסט עס, רב בערל, צו אייער פּריץ נישט געגאַנגען. איר האָט גאַנץ גוט געטאָן.

פֿון קאַבינעט אַרויס הערט זיך אַ שפּריצנדיק געלעכטער. דער עלטסטער בוכהאַלטער, דער־אָ, וואָס האָט ראָזע בעקעלעך און איז אַ קיצלדיקער, כאַפּט דאָס הענטל פֿון דער פּעדער אין מויל אַריין, כּדי נישט אויסצופּלאַצן מיט אַ געלעכטער. די מאַשיניסטין שמייכלט פֿאַרשעמט. איר טוט ווי דעם פּראָקורענטס חוצפּה צו דעם אַלטן בערלען. דאָס שיק־ייִנגל בלייבט זיצן אַ ווײַלע מיט דער זעמל אין מויל, ווי ער וואָלט פֿאַרגעסן צו קײַען. און דער געהילף־בוכהאַלטער קאָפּטשיק קוקט דעם פּראָקורענט גלייך אין מויל אַריין און באַמיט זיך צו געדענקען זיין יעדע באַוועגונג, כּדי ער אַליין זאָל עס אויך קענען נאָכמאַכן.

און אַז דער פּראָקורענט זעט, ווי דער באַלעבאָס לאַכט און האָט הנאה, לאָזט ער שוין בערלען אַזוי גיך נישט אָפּ.

קודם־כּל דערציילט ער בערלען, אַז ער האָט הײַנט געפֿרעגט הערשלען, צי ער קען זאָגן די „פּרישאַגע" אָט אַזוי „פּאָ סאָלדאַטסקו" ווי ס'געהער צו זיין. לאָזט זיך אויס, אַז הערשל געדענקט קיין וואָרט נישט. נאָך בעסער: הערשל זאָגט, אַז ער האָט די „פּרישאַגע" גאָר קיינמאָל נישט געזאָגט. ער האָט, זאָגט ער, בעסער אין זיין געהאַט ווי אַזוי צו פֿאַרדינען אַ גילדן.

— אַבער איר, רב בערל?

און נאָך אײַדער דער פּראָקורענט פֿרעגט, שטייט שוין בערל פּיקטער, אויסגעצויגן ווי אַ וויורע. נישט מער, זיינע פֿיס וואַקלען זיך אַ ביסל מחמת אַלטקייט. ער רירט נישט מיט קיין אבר און פֿון זיין מויל

שיט זיך אַרויס אין איין אָטעם די „פּרישאַגע", ווי עפּעס געמאָלנס פון א מיל, אז מע פאַרשטייט קיין איין וואָרט נישט.

איצט הערט מען שוין, ווי אין קאַבינעט וואַרפט זיך דער פּאָטעל. דאָס מוז שוין דער הער אָוסעי האַלטן די הענט אויפן בויך און זיך קאַטשען פון געלעכטער:

— אוי, פּליג! פּאַניע פּליג! לאָזט שוין אָפּ! —הערט זיך פון קאַר בינעט הער אָוסעיס קול, — איך האָב דאָך שוין באַלד נישט קיין זייטן!

## 16

נאָר איין רב נאָסקע גלייבט נישט אין די אַלע מעשות.

בכלל, זאָגט רב נאָסקע, האָט ער שוין איינגעזען, אַז בערל איז פון דעם סאָרט מענטשן, וואָס האָבן ליב זיך צו באַרימען און האָבן אויך ליב א קאַפּעטשקע צו זאָגן ליגן. ס'הייסט אים אליין, בערלען — טייטשט רב נאָסקע באַלד אויס — האַלט ער דווקא פאַר א פרומען ייד און אָרנטלעכן מענטש. נישט מער, ער, רב נאָסקע, קען א סך אַזעלכע יידן, ווי בערל, וואָס האָבן ליב אַמאָל אויך צו זאָגן א ליגן.

און הגם בערל ליידט אין קראָם צומיינסטן עוולות, האַלט ער פונדעסטוועגן, אַז אַלע באַלעבאַטים זיינען דימענטעגע מענטשן. נישט מער, זאָגט ער, זיי זיינען אַביסל איבערגעריסענע, ווייל ביי דער גאַנצער משפחה זייערער, וואָס ער קען זי אויסגעבונדן, איז „די בלוט אַזאַ צעקאָכטע".

דאָנערשטיק פאַרנאַכט, ווען אַלע „מענטשן" גייען אַריין אין קאַנטאָר נאָך פּענסיע, בלייבט בערל שטיין ביי דער טיר און באַמיט זיך צו זיין וואָס־ווייניקער אָנזעעוודיק. דער הער אָוסעי שטייט איבער א טעקע אויסלענדישע חשבונות און מאַכט זיך גאָרנישט זען. ערשט ווען דער פּראָקורענט גיט הויך א זאָג: „פּאַניע באַלעבאָס! די „עבדים" זיינען געקומען נאָך געלט", טוט דער הער אָוסעי א כאַפּ אַראָפּ די ברילן פון די אויגן, באַקוקט דעם עולם מיט אַן אומצופרידן שמייכעלע, טוט זיך א כאַפּ ביי דער הינטן־קעשענע מיט געלט און זאָגט צום פּראָקורענט: „מילא, פאַרפאַלן. פאַרשרייבט זיי, פּאַניע פּליג". דערנאָך טיילט ער אַליין די פּענסיע. ווי נאָר אָבער עס קומט צו בערלען — טוט ער לעצטנס אָפּט א זאָג: „א, רב בערל — איר דאַרפט דאָך נישט אַזוי נייטיק געלט. איר וועט באַקומען די אַנדערע וואָך".

אין בערלס אויסגעדארטן גוף נעמט ארומלויפן א וויטיקליכער ציטער. אויף זיין פנים אבער דערקענט מען בעת־מעשה גארנישט. זיין פנים שמייכלט מיט דער זעלבער אונטערטעניקייט, ווי מיט צוואנציק יאר צוריק, ווען ער איז אנגעקומען אהער. ער טוט עפעס א בריום ארויס „נו", ווי ער וואלט וועלן זאגן „ס'מאכט נישט אויס". און נעמט נאך ארומדרייען אין קאנטאר, כדי מארגן איינצושפארן צייט.

ערשט ארום האלבער נאכט, קומענדיק אויף זיין „סטאנציע" אין דעם ענגן שטיבל, דערמאנט זיך בערל, אז ער איז שוין אומעטום פארבארגט, און אז דער הער אוסעי זאגט שוין אזוי עטלעכע וואכן: „איר, רב בערל, באקומט די אנדערע וואך".

פארן שלאפן גיין טוט בערל אן די ברילן מיט די צעשפאלטענע גלעזלעך און לייענט נאכאמאל איבער דאס קארטל פון זיין „קליינעם גנב", וועלכער לערנט שוין עטלעכע יאר צייט אין דער יאנאווקער ישיבה. „די שטיוול — שרייבט דער „קליינער גנב", דער בן־זקונים — האב'ך שוין אינגאנצן צעריסן, ליבער טאטע, און וועל זיי אוודאי מוזן ארויסווארפן. און פאר סטאנציע, ליבער טאטע, בין איך שוין שולדיק א סך מיט געלט". נו, און אייערנעכטן, דערמאנט זיך בערל, האט אים א היימישער ייד דערציילט, אז די קאזע, וואס האט געגעבן גוטע מילך, האט דאס ווייב שוין פארקויפט, מחמת זי האט געמוזט אפצאלן חובות. און אחוץ אלעמען, האט דער ייד דערציילט, איז די יידענע סתם עפעס לא־עליכמדיק און ליגט שוין א וואכן צוויי אין בעט. און ווען נישט דער טרייער זון לייבל מיט דער גוטער שנור, איז ווער ווייסט, ווו זי וואלט שוין אנגעשפארט.

אומזיסט פרוווט בערל אנטשלאפן צו ווערן.

אז א גאנצן טאג האט ער צומאל קיין צייט נישט א טראכט צו טאן. הא? אפשר פארדריסט די באלעבאטים, וואס ער, בערל, האט זינט פאראיארן אנגעהויבן גיין אויף מיטאג אהיים דא, אין צווייטן הויף, וואס דויערט ביי אים סך־הכל פופצן מינוט? שא, און אפשר איז דאס, וואס ער, בערל, האט נאך דער פאראיאריקער קרענק גענומען אביסל אונטערהוסטן? פארדריסט עס אפשר די באלעבאטים? ווייל אט יעדעס מאל, ווען בערל צעהוסט זיך, נעמט רב נאסקע שפייען. און אפשר דאס, וואס דער הער אוסעי האט דא אנומלטן געזען, ווי ער, בערל, האט זיך גענומאטערט ביים ארויסציען א טשוואק פון א קעסטל? ווי אזוי דער טשוואק איז געווען שטארקער פון בערלס צוואנג און האט זיך בשום־אופן נישט געלאזט ארויסציען.

און אַט דערמאָנט זיך בערל, ווי נעכטן, ביים פאַרשליסן די קראָם, האָט דער הער אָווסיעי געקוקט אויף איים און געשמייכלט. און ס'קאָן דאָך זיין, טראַכט בערל, אַז גראָד, ווייל דער באַלעבאָס האָט געקוקט, האָט זיין האַנט מיט די שליסלען זיך געוואַקלט אַ היפּשע ווײַלע און ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט אַרײַנטרעפן מיט דעם שליסל אין שלאָס אַרײַן.

און אַט אַזוי „שלאָפט" בערל פיקטער שוין אַ סך וואָכן אַדורך די נאַכט איינדערפרי וואַרט ער דער ערשטער ביי דער טיר און שליסט אויף דאָס געשעפט. אַבּיס האַלבן טאָג פאַררוקט ער זיך ערגעץ אין אַ ווינקל און בייסט איבער עטלעכע שטיקלעך צוקער. און ביינאַכט, אויב דער באַלעבאָס קוקט, ווי ער פאַרשליסט דאָס געשעפט, ציטערן אים פאָרט די הענט.

17

די עלטסטע פּריקאַזטשיקעס אין קראָם זיינען שליוואַניק און ראַטאָמער. שליוואַניק איז אַ נידעריקער און אַ פּולער. ער איז שטענדיק הער בער פון אַ זאַק מעל, און ראַטאָמער איז הויך און דאַר, אַז ער שטעלט זיך אַרויף אויפן טיש דערלאַנגט ער צו דער העכסטער פּאָליצע אָן אַ לייטער.

ביידע זיינען שוין אַריבער די דרייסיק. זייערע קעפּ זיינען פאַרדעקט מיט געציילטע האָר פון אונטער וועלכע ס'גלאַנצן אַפּער גלאַטע מעשענע שאַרבנס.

שליוואַניק אַרבעט שוין דאָ דאָס עלפטע יאָר. אַלעגן די באַלעבאַטים אָבער פילט ער זיך שטענדיק ווי אַן אָקאָרשט־אָנגעקומענער אויף פּראָבע. כאָטש אַ „מענטש" איז ער גאָר אַ גוטער און באַמיט זיך נאָך מיט יעדן טאָג אַלץ מער צו געפעלן, פאַרדעכטיגן האָבן אים די באַלעבאַטים פיינט און וואָלטן געוועןצופרידן ווען זיי קאָנען אים פּטרן.

רב נאָסקעס אַלטע טענה איז, אַז יעדער „ראַבאָטשע" איז אַ גנב. פאַראַן צווישן זיי, זאָגט ער, אויך אָרנטלעכע, אָבער בכלל, זאָגט ער, זיינען אַלע אַרבעטער גנבים, מחמת דאָס ליגט שוין אין זייער בלוט. אויף שליוואַניקן אָבער קוקט ער באַזונדער מיט חשד. ביי אים, זאָגט ער, איז גאָר קיין ספק נישט, אַז שליוואַניק טראָגט אַלעמאָל עפּעס אַרויס מיט זיך פון קראָם. ביים אַהיימגיין טוט זיך רב נאָסקע אומישנע אַ

שאר לעבן שליוואניקן, כדי צו זען, צי די קעשענעס שטייען נישט ביי אים אָפּ. אײנמאָל האָט זיך אפילו רב נאָסקען געדאכט, אז אָט האָט ער אים געפּאַקט. ס'איז געווען אַקוראַט דעמלט בעת שליוואניק האָט אָנגעטאָן א נײַעם מאנטל. רב נאָסקע האָט ביי אים אונטערגעהויבן א פּאָלע. דערביי האָט ער כלומרשט געפרעגט, צי די סחורה פון מאנטל איז עפּעס א טײַערע, און אין אײנוועגס האָט ער שוין אויך געזען, צי די קעשענעס ציען נישט אראָפּ.

•

און דאָס אלץ דערפאר, ווייל אלע ווייסן, אז שליוואניק קלייבט געלט און אז ער האָט שוין אָנגעזאמלט גאָר א סך. שליוואניקן גופא ארן נישט די אלע מעשׂות. ער ווייסט זיך זײַן גאנג: א העלפט פון דער פּענסיע דארף ער פארנוצן, און די אנדערע העלפט צולייגן צו דער קופּע אָדער אוועקגעבן אויף פּראָצענט, כדי עס זאָל ווערן וואָס מער. שליוואניקן האָט אפילו נישט געארט די מעשׂה, וואָס עס האָט אים דערציילט זײַן באלעבאָסטע פון דער דירה, אז בייטאָג איז דאָ געווען אן „אגענט" און געמאכט א רעווויזיע אין זײַנע זאכן. לויט דעם ווי די באלעבאָסטע האָט אויסגעמאָלט דעם „אגענט" האָט זיך שליוואניק באלד געכאפּט, אז דאָס איז געווען דער פּראָקורענט פּליג. נאָר שליוואניק האָט צומאָל נישט איר בערגעחזרט די מעשׂה, גלייך עס וואָלט עפּעס געשען א טעות אָדער סתם גאָרנישט.

שבת פּוצט ער זיך אויס און מאכט „זעעכצן" ביים גערטל אויף קראַשינסקי־פּלאַץ מיט די אלע מיידלעך, וואָס שדכנים און שדכנטעס האָבן אים צוגעשטעלט א גאנצע וואָך. דערווייל האָט זיך שליוואניק נאָך גאָרנישט צוגעקליבן. אָט האלט שוין באלד ביי תּנאָים און אָט ווערט אויס. און דאָס אלץ, זאָגט שליוואניק, דערפאר, ווייל ער זעט נישט, אז מ'זאָל ציילן געלט. מ'רעדט, זאָגט ער, פּעמע. און ער, שליוואניק, האָט פּיינט זיך לאָזן ארייננארן.

און אָט אזוי, צווישן איין „זעעכץ" און דעם אנדערן, האָט שליוואניק ליב אזוי זיך דורכצושפּאצירן אויף דער באנגע גאס און קוקן אויף דעם געוועלבל, וואָס ער האָט בדעה באלד נאָך דער חתונה אָפּצוקויפן. ער שטייט זיך אזוי אויפן טראָטואַר און קוקט לאנג און אײַנגעגעסן אויף א שילד מיט א פרעמדן נאָמען „א. מאָרעל". ביסלעכווייז זעט שליוואניק, ווי דער פרעמדער נאָמען פארשווינדט, און אויף דער זעלבער שילד שטעלן זיך אויס אזעלכע גרויסע גאָלדענע אותיות: „ב. שליוואניק".

18

ראטאַמער האָט קיינמאָל נישט קיין געלט, הגם איין שטוב גיט ער נאָר אוועק אַ העלפט פון דעם, וואָס ער פאַרדינט. ער איז שטענדיק פאַרבאָרגט ביי שליוניקן און גיט אים כסדר עצות ווי אַזוי מ'דאַרף „חרייען" מיטן קאַפּיטאַל.

ראטאַמער איז זייער שטאָלץ מיט זיין בחורישקייט און מיט זיין גאַנצער פּערזאָן. ער מאַכט אָפּט „זעעכצן" און האָפט אַ ליאַדע טאָג אַריינצוקריגן דעם אמתדיקן נדן. אָ, דעמלט, זאָגט ער, וועט ער ווייזן שליוניקן וויאַזוי מ'מאַכט געלט און וויאַזוי מ'ווערט אַזאַ, ווי דער הער אָווסעי.

קיין געלט האָט ראַטאַמער הערווייל נישט. ער פירט זיך שוין אָבער גענוי ווי דער הער אָווסעי. ער האָט אַן אָפּגעציאָלטן אַבאָנאַמענט ביי אַ פריזירער. נו, קומט ער טאַקע יעדן טאָג אַ פיין־ראַזירטער און באַ־שמעקטער פּונקט ווי דער הער אָווסעי. דער הער אָווסעי רויכערט נישט און ער, ראַטאַמער, רויכערט אויך נישט. און יעדן נאָכמיטאָג לענט ער זיך צו אויף דער קאַנאַפּע אויף פופצן מינוט, גענוי אַזוי ווי עס טוט דער הער אָווסעי.

19

די קאַסירשע פון דעם געשעפט, די פריילין רעגינע, איז אַביסל אַ טויבלעכע. רב נאָסקע אָבער זאָגט, אַז דאָס מאַכט זי זיך אַזוי אומיש־נע טויב, כדי צו קאָנען בעסער אָפּנאַרן ביי דער אַרבעט.

זי זיצט אין אַ ווינקל הינטער אַ שויב און האַלט אין איין אַרויס־קוקן פון דאָרט, צי מע רופט זי נישט צום טעלעפאָן. רב נאָסקע זאָגט, אַז די גלייכסטע זאַך וואָלט געווען איינגאַנצן אַראָפּצונעמען דעם טעלע־פאָן. ווייל אַ גאַנצן טאָג הערט מען נישט מער, ווי זי האַלט אין איין אַריינרעדן אין טעלעפאָן ווענן איר „זשאָלאָנדעק". דאָס, זאָגט זי, וואָס קיסינגען האָט איר פאַראַיאָרן פאַפראַוועט דעם „זשאָלאָנדעק", האָט איר קריניצע הייאָר קאַליע געמאַכט. און איבערהויפּט רעדט זי שוין אין טעלעפאָן אַריין צו עמעצן מיט אַ געבייזער, זיינען גאָר אין פוילן קיין ספּעציאַליסטן אויף איר מאָגן נישטאָ. רב נאָסקע זאָגט, אַז אַרום דער

קייסערין האָט זיך אַזויפיל נישט געטומלט, ווי ס'טומלט זיך אַרום איר, רעגינעס, „זשאַלאָנדעק".

רעגינע האָט זייער ליב די באַלעבאַטים, און אַז זי רעדט מיט זיי, שמייכלט זי. רב נאָסקע אָבער דרייט אַלעמאָל אַוועק דעם קאָפּ און קוקט אפילו נישט אויף איר. ער האָט פיינט, זאָגט ער, די „קונצן", וואָס זי מאַכט מיט איר פּנים, בעת זי רעדט.

דערפאַר אָבער לעבט מיט איר גאָר גוט רב מנשה'קע. א סך מאָל אין טאָג כאַפּט ער זיך אַריין צו איר אין קאַנטאָר און האָט איר ליב איי־בערצודערציילן פאַרשידענע צייטונגס־מעשׂות פון „ווייבלעך" און „מיידלעך". די קאַסירשע קען שוין די אַלע מעשׂות גענוי. נאָר יעדעס מאָל שמייכלט זי צו, גלייך עס וואָלט געווען עפּעס נייעס. און אחוץ דעם סטאַרעט זיך נאָך רב מנשה'קע פאַר איר א שידוך. רב נאָסקע זאָגט, אַז דאָס איז שוין ביי מנשה'קען אַזאַ מין קרענק — זיך עסקן אין שידוכים, כאָטש ער האָט נאָך אין זיין לעבן קיין איין שידוך נישט אויסגעפירט. רב מנשה'קע אָבער שטייט נישט אָפּ. אָט האָט ער שוין פאַר רעגינען א פרישן שידוך — א רייכן פּראָווינץ־קרעמער, אַן אַלמן, נאָר ס'איז זיכער, אַז ס'וועט דערפון גאָרנישט נישט ווערן. רב נאָסקע אַליין וועט דעם שידוך קאַליע מאַכן, און דאָס אַלץ דערפאַר, כדי צו באַ־ווייזן, אַז רב מנשה'קע טויג זיך נישט צו שידוכים. כאָטש אַזוי האָט ער אַ מבע צו זאָגן, אַז ער וואָלט זיך געלאָזט קאָסטן „אַ סך מיט געלט", אַבי רעגינע זאָל שוין חתונה האָבן און ער, רב נאָסקע, זאָל שוין אַמאָל פּטור ווערן פון איר און פון איר „זשאַלאָנדעק".

20

הייַנטיקן זונטיק האָט מען געעפנט דעם צענטראַל־שפּייכלער. שבת האָט זיך דער הער אָוסעי געלאָזט אויפרופן צו „שישי". ער איז געשטאַנען אויפן באַלעמער און קוים־קוים געשמייכלט מיט א זאַט, פעט פּנים. זיין צילינדער האָט געגלאַנצט מיט גרויסקייט און חשיבות. און אין האַרצן האָט זיך דער הער אָוסעי געטראַכט, אַז דאָס אַלץ, וואָס די אָרעמיקע שונאים, די קאָנקורענטן זיינע, ווינטשן אים, זאָל זיי אַליין מקוים ווערן.

נאָכן דאַווענען האָט ער פאַרבעטן דעם עולם צו זיך אויף א „קידוש". די קאַסירשע וועלכע פאַרמיידט נישט קיין איין שׂמחה ביי די

באַלעבאַטים, האָט אַ פּיל מויל מיט זאַפט, בעת זי רעדט וועגן דעם באַל. ביי יעדן טיש האָט באַדינט אַן אַנדערער סאַרווער, און צווישן איין מאכל און דעם צווייטן האָט דער חזן פון דער שול געזונגען פאַרשידענע „שטיקלעך". רב מנשה'קע האָט זיך צוגעשוירן אַ קאָפּ דאָס בערדל, כדי ניט צו בלייבן פאַרשעמט צווישן די „דייטשן". רב נאָסקע האָט געטראָגן אַ נייעם פלושענעם רבנישן קאַפּעליוש. און ער האָט אים געטראָגן אויפן קאָפּ ריכטיק, ניט ווי אַלעמאָל — אין דער ברייט. נאָר צוממיינסטן האָט זיך געפּאָרעט דער פּראָקורענט פליג. ווי אַ ספּרונזשינע האָט ער זיך געבויגן און געדרייט אין אַלע זייטן. ער האָט זיך געריבן צווישן די וואַזשנע געסט, מיט יעדן עפּעס גערעדט און צו וועמען עס האָט געלוינט — האָט ער כיטרע געשמייכלט. און פון מאָל צו מאָל האָט ער עפּעס איינגערוימט דעם הער וואָסעי אַ פרישע רכילות׳ל אויף עמעצן פון די געסט, פון וואָס דער באַלעבאָס האָט געהאַט גרויס פאַרגעניגן.

21

הערשל האַלט, אַז ער האָט אויך גאַרניט דערלייגט צו דעם עסק. ער וואָלט נאָר געוואָלט, אַז כאָטש יעדע וואָך זאָל זיין ביי די באַלעבאַטים אַזאַ „קידושל".

וואָרן ווו עפּעס אַ שמחה ביי אַ באַלעבאָס האָט שוין הערשל זיין „משין". ער שטייט אין קאָרידאָר, נעמט צו ביי די געסט די גאַרדעראָב און היט זיי אָפּ.

אַזאַ טאָג איז ביי הערשלען ניט קיין געוויינלעכער. ער קומט אַ פרישראַזירטער און מיט אַ גלאַט אונטערגעשוירענעם קאַרק. ער איז אָנגעטאָן אין באַלעבאָס אַן אָפּגעטראָגענעם אָנצוג, אין וועלכן ער קאָן בריוות אַריינעמען נאָך איינעם. אויף די פיס — אַ פּאָר באַלעבאַטישע אָפּגענוצטע לאַקערקעס.

און אָט־אַזוירא, שמייענדיק פאַרפאַרעט, מיט עפּעס אַ מעשענעם מעדאַל אין לאַץ, שטייט הערשל אין קאָרידאָר און האַלט אין אָרדע־נונג די מלבושים.

פון מאַכן אַ כוסה און עפּעס נעמען אין מויל אַריין — פון אַזעל־כע זאַכן ווערט הערשל ניט מיד. אַלע געדענקען אָן אים, און יעדע פּאָר מינוט טראָגט אים עמעץ אַנדערש עפּעס צו. הערשל אָבער האָט

פיינט זיך צו פארלאָזן אויף נסים. נאָך פריער מאכט ער „בלאַט" מיט ד סארווערס, און יענע דערלאנגען אים שוין די ריכטיקע זאכן.

און ווען די געסט הייבן זיך אָן פאנאנדערצוגיין, ווייגט זיך שוין הערשלס קאָפּ ווי א לאמטערן אויפן ווינט. פונדעסטוועגן האָט נאָכנישט געטראָפן, אז הערשל זאָל פארטוישן עמעצן א זאך. זאָגט טאקע אָפּט רב נאָסקע ווען ער ווערט אין כעס אויף הערשלען:

— ווי קומסטו צו זיין אין א געשעפט? א שיינער געשעפט־מענטש! דו דארפסט שטיין ביי מלבושים אין א רעסטאָראַן אָדער אין א האָטעל.

22

אין צענטראל־שפּייכלער זיינען שוין דאָ נייע „עבדים". דריי זיינען זיי: א מאגאזינער, א געהילף און א „שווארצער". דער הער אָווסעי האלט זיי אין איין רימען. ענדלעך, זאָגט ער, האָט ער געקריגן א פּאָר ליטווישע „מענטשן".

— גייט אריין אין שפּייכלער — זאָגט ער צו די אלטע „מענטשן" — וועט איר זען, ווי אזוי מ'דארף ארבעטן.

ווי נאָר אָבער ס'איז געוואָרן דאָנערשטיק ביינאכט און די נייע „מענטשן" זיינען געקומען נאָך פּענסיע, זיינען זיי ביים הער אָווסעי באלד געוואָרן: נייע גנלט־נעמער, בלוט־צאפּער, אויסרייסער, אידיאָטן, בידלאקעס און סתם בהמות.

23

דער מאגאזינער הייסט סטעפאן דרייער. און לויטן ביישפּיל פון הער אָווסעי רופן שוין אים אלע „פּאניע סטעפאניע".

דער מאגאזינער איז שוין אלט עטלעכע און פופציק יאָר און איז נאָך א בחור. שטענדיק האָט ער א רויט־געגאָלט פּנים און א פּאָר שווער־אראָפּהענגנדיקע וואָנסן, ווי א בייזער סטרוזש.

סטעפאן שטאמט פון א רייכער, יחוסדיקער משפחה — לויטער גוטבאזיצער און פאבריקאנטן — און איז אויך די באלעבאטימס א שטיקל קרוב. סטעפאן האָט אויך נישט שטענדיק געארבעט ביי יענעם.

ער האָט אָפּט ליב צו דערציילן, ווי אַזוי ער האָט אין דער מלחמה־צייט פאַרקויפט זיין ירושה פאַר אַ סך מיליאָנען מאַרקן און דערנאָך פאַר די אַלע מיליאָנען קוים געקריגן צו קויפן אַ קערצל קאַרטאָפל, און נאָך אַליין עס געמוזט אַהיימשלעפּן אויף דער פּלייצע.

## 24

דער געהילף־מאַגאַזינער, משה־בער, איז אויך אַן אייגענער, און דער הער אָוסעי האָט אים אַראָפּגעבריננגט פון שטעטל סוכאָוואָליע.

משה־בער איז אַ געזונטער יונג, נאָר ער האָט אַ טבע צו שוויצן. זומער און ווינטער שוויצט ער מיט חלשותדיקע ריחות. אַ פּנים האָט ער אַ רויטס, אַ ברייטס, ווי אַ סאַמאָוואַר און די נאָז איז ביי אים פּונקט ווי אַ קאַליעדיקער קראַן, פון וועלכן עס האַלט אין איין קאַפּען, ביי טאָג און ביינאַכט, זומער און ווינטער.

אין משה־בערן האָט זיך דער באַלעבאָס נישט גענאַרט. נאָך אַ פּאָר יאָר שיילן קאַרטאָפל און פּוצן שטיוול ביים מיליטער און נאָך ווייטערע עטלעכע יאָר אַרומדרייען זיך אין שטעטל פּוסטאָן פּאַס — זומער מיט אַ באַלאָן וואַסער און ווינטער — ביים צעהאַקן אַ פּורל האָלץ פאַר אַ רייכן באַלעבאָס — איז משה־בער, אָנקומענדיק אויף דער שטעלע, גלייך אַריינגעקראָכן אין אַן אונטערטעניקער הינטישער פעל. אויפן דריטן טאָג האָט ער שוין געוווּסט צו דערציילן דעם באַלעבאָס, אַז ווען נישט ער, משה־בער, וואָלט דער מאַגאַזינער היינט געמאַכט אַ טעות אין אַ הונדערט קילאָ סחורה. און אויף דער אַנדערער וואָך האָט ער שוין איינגערוימט דעם הער אָוסעי, אַז דער שוואַרץ־אַרבעטער ליגט כסדר אין די ווינקלען און האַלט אין איין גראַבלען זיך און די קעשענעס. און פאַרענדיקט האָט ער מיט אַ וויטש מיט דער האַנט אונטער דער נאָז.

— ביי מיר, פּאַניע פּלינט, איז אַרבעט נישט קיין חרפּה... איך קאָן טון פאַר דריי. אַבי געזונט און יאָרן. מיין זיידע, דער אמתער משה־בער יאַנטעוו, איז טאַקע געווען באַלעבאָס איבער אַ האַלבע שטאָט מויערן. איך אָבער זאָג זיך נישט אָפּ פון דער שווערסטער אַרבעט. אַבי געזונט און יאָרן.

— נו, גוט, גוט, משה־בערל — האָט אים דער הער אָוסעי כלומרשט גיך אָפּגעפּטרט — כ׳וועל שוין טאָן אַזוי ווי דו ווילסט. ביסט

דאָך עפּעס אַ שטיקל אייגענער — האָט ער כיטרע צוגעשמייכלט צום פּראָקורענט פּליג.

און די אַנדערע וואָך איז שוין טאַקע דער שוואַרץ־אַרבעטער גע־ווען אָפּגעזאָגט. בשתיקה, אַז קיינער זאָל נישט וויסן, האָט דער הער אָוסטי משה־בערן געגעבן אַ גרעסערע פּענסיע ווי דעם מאַגאַזינער, כדי ער זאָל גוט אַכטונג געבן אויפן שפּייכלער און אויפן פּאַן סטעפּאַן. דעם פּאַן סטעפּאַן האָט ער ווידער געבעטן אַכטונג צו געבן אויף משה־בערן:

—ווייל וואָס איז ער דען, דער משה־בער? — פּלעגט דער הער אָוסטי כסדר דערמאָנען סטעפּאַנען — אַ וואַסער־טרעגער, אַ כלאָפּ, אַ זשלאָב, וואָס קאָן קוים שרייבן מיט קרייד פּאַסיקלעך, רעדעלעך און צעדרייטע אויסגעקרומטע ציפערן. אַ, ווי זאָגט איר, פּאַניע סטעפּאַניע?

25

ס'איז כדאי נאָך צו דערמאָנען דעם הער קיטמאַן, וועלכער אַרבעט אין קאַנטאָר שוין זייער לאַנג אָבער מיט אַ סך איבעררייסן.

דער הער קיטמאַן איז אַן אמתער דייטש, אַן אַלטער, וועלכער לעבט שוין אין פּוילן, צווישן יידן, פון יונגלווייז אָן. ער רעדט יידיש בעסער ווי אַ פּינטשעווער ייד. און איבערלייענען אַ קאָטשערעוואַטע בריוול מיט אָן אַ שיעור לשון־קודשדיקע גרייזן איז ביי אים אַקוראַט ווי אויפּעסן אַ פּוטערשניט און פאַרטרינקען מיט אַ גלאָז ביר.

נעבן דעם הער קיטמאַן קאָן מען זיך לחלוטין באַגיין אָן אַ זייגער. עפנט ער אינדערפרי אויף די טיר פון קאַנטאָר, ווייסט מען, אַז עס איז פּונקט ניין. נעמט ער שניידן די פּוטערשניטן און טרינקען ביר— איז עלף. פאַרלאָזט ער די קאַנטאָר, ווייסט מען, אַז ס'איז פּונקט פיר. אַ פּאַפּי־ראָס רויכערט ער יעדע דריטע שעה. אַ פּודעלע שוועבעלעך איז ביי אים אויסגערעכנט אויף „זיבן טאָגע" און מיט אַ ראַזיר־מעסערל גאָלט ער זיך גענויע „דרייאונצוואַנציק מאָל".

מיט אַלע איבעריקע אָנגעשטעלטע האָט ער קיין שום מגע־ומשא. אַ גאַנצן טאָג זיצט ער איבער דעם גראָבן קאָנטאָ־בוך און טוט זיין אַר־בעט מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט. ער איז ס'רוב פאַרכמורעט און פאַרשלאָסן אין זיך. בלויז איין מאָל אין יאָר ווען ער קומט פון אורלויב פון זיין „היימאַט", צערעדט ער זיך אַביסל און באַווייזט אַ הייטערן

געמיט. דערנאָך אָבער פאַרזינקט ער ווייטער אין זיינע געדאַנקען און טראַכט וועגן יענע צייטן, ווען ער איז געווען פאַרטרעטער פון די גרעסטע אויסלענדישע פאַבריקן; און אויך וועגן יענער צייט, בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין פּוילן, ווען ער, דער הער קיטמאַן, איז געווען פּראָקוראָר און האָט „אַבטראַנספּאָרטירט" אַזוי מ׳דאַרף אַ היפּש ביסל „געפּערלעכע לייטע".

און יעדעס מאָל האַלט ער זיך אַזוי לאַנג ביים הער אָווסעי, ביז וואַנען זיי צעווערטלען זיך. און אָנצוזידלען אַביסל דעם הער דייטש, זוכט דער הער אָווסעי שטענדיק אַ געלעגנהייט. דאָס נעמט ער נקמה נאָך פאַר יענע צייטן, ווען קיטמאַן איז געווען אויפן פערד, און ער, דער הער אָווסעי, דעמלט אַ קליין סוחרל, האָט זיך געמוזט בוקן פאַר דעם דייטש און דרייען.

לכתחילה לאָזט זיך נישט דער הער קיטמאַן. ווען ער זעט אָבער, אַז דעם הער אָווסעי זעצט זיך שוין אַ שוים אויפן מויל, פאַרמאַכט ער דאָס גראָבע קאָנטאָ־בוך, פּוצט אָפּ אויף טריקן די פעדער און לייגט זי אַוועק אויף אַן אָרט, טוט אָן דעם קאַפּעליוש און פאַרריכט דאָס הענטל פון שטעקן, וועלכעס שרויפט זיך אַביסל אָפּ, נאָכהער טוט ער זיך אַ נייג צו אַלעמען און אויך צום הער אָווסעי:

— אַדיע, מיינע הערן!

און אויף צומאָרגנס קומט ער שוין נישט.

אַמאָל דויערט עס אַ חודש, און אַמאָל אַ יאָר. אָבער אַלע ווייסן שוין, אַז דער הער קיטמאַן וועט זיכער צוריקקומען. אַממיינסטן אַרבעט אַרום דעם דער הער אָווסעי אַליין. ער זאָגט אים אַפילו צו אַן הוספה, ווייל די באַדערפעניש אויסצוזידלען דעם דייטש איז ביי הער אָווסעי זייער גרויס. און ווען איז נאָך בעסער און לייכטער צו זידלען, ווי דעם, וועלכן מ׳באַצאָלט דערפאַר פענסיע?



זינגט יעטלעכע טעג קרעכצן די באַלעבאַטים:

— אוי, נישט גוט! מ׳לייזט נישט קיין געלט! מ׳גייט אונטער! און די הוצאה איז גרויס! נישט גוט, אוי־אוי!

דער ערשטער הייבט אָן קרעכצן, ווי געוויינלעך, דער הער אָווסעי. ער האָט אַ קוק געטאָן די אונטערשטע שורה אין אומזאַץ־בוך און גלייך

איז זיין פנים געוואָרן אזוי, ווי ער וואָלט ראַפּטום באַקומען אַ פּעטש אין דער נאָז. פּאַמעלעך און צודרינגלעך האָט ער אַרומגענומען מיטן אויג די חבֿרה „פּרעסערס", וואָס זיצן דאָ אויף זיין קאַרק. און געטראַכט האָט ער בעת־מעשה: ווען ער קאָן זיי אַזוי נעמען איינס ביי ס'אַנדערע און אַרויסשליידערן צו אַלדי שוואַרץ־יאָר!

ערגער איז נאָך בעת אַזאַ מעשה אין געשעפט. מילא, אין קאָנטאָר זיצט מען נאָך און מ'קראַצט מיט די פּעדערס. אין געשעפט אָבער דרייט זיך אַרום רב נאָסקע, די הענט פאַרלייגט אויפן הינטן און האַלט אין איין פרעגן: „נו, איר האָט טאַקע נישט וואָס צו טאָן?" ראַטאָמער ווייסט שוין, וואָס צו טאָן אין אַזאַ צייט. ער פאָרט אויף עטלעכע טעג אין אַ שטעטל צו אַ פעטער, אָדער ער פאַרברענגט טעג און נעכט ביי דעם יונגן ווייבל, וועלכע וואַרט נאָך אַלץ אויף די „פּאַפּירן" פון איר מאַן אין אַמעריקע. און אין געשעפט אַריין באַפעלט ער, ראַטאָמער, נאָר פּשוט: אַז ער איז קראַנק.

שליוואַניק ווידער נעמט זיך אויסגלייכן די פאַליצעס, וואָס ליגן גאָר נידעריק ביי דער פּאָדלאָגע, כדי מ'זאָל אים קוים אַרויסזען. און בערל פיקטער האַלט אין איין אַריינקוקן אין די אויוונס, און מיט דער קער־באַרשט אַרבעט ער מעשים, אַז מ'קאָן שוין דאַכט זיך אויף דער פּאָד־לאָגע קיין שטויבעלע נישט געפינען.

אָט־אָ־דאָס קאָן אים שוין רב נאָסקע נישט פאַרגינען. ער האָט גראָד ליב, אַז אין קראָם זאָל זיין אַ קאַפּעטשקע אָנגעמושבט. ווייל אַ קראָם איז נישט קיין אַפּטייק. און ער טוט בערלען אַ זאָג, אַז עס פאַר־גייט אים אַזש אין דער זיבעטער ריפּ:

— אָן אַ געלעכטער רב בערל, איר האָט דאָך שוין געמאַכט אַ תּכלית פון דער באַרשט.

27

און אַז מע לייזט נישט קיין געלט, מאַכן די באַלעבאַטים, נאָכן פאַרשליסן דאָס געשעפט, אַ זיצונג אין הער אָווסעיס קאַבינעט. די קאָנטאָר־מענטשן דרייען זיך אַרום הינטער דער טיר, אָפּגעגאָסענע מיט שווייס, ציטערנדיק פון פּחד און פאַרזיכטיק ליגן זיי צו אַן אויער צום שליסל־לאָך:

— הא, וועגן וועמען ריידן זיי?

רב נאָסקע זאָגט, אַז אַ העלפּט „מענטשן" איז אויך צופיל, און אַז די פּענסיעס איז נאָך ערגער ווי צאָלן פּראָצענט. ווייל פּענסיעס קאָנען איינשליגען אַ ים. ער געדענקט נאָך דאָס פון יעקאַטערינאָסלאַוו, ווען ער האָט אַליין געפירט אַ פאַבריק.

רב מנשה'קע, וועלכער טוט אוים אין קאַנטאָר דעם קאַפּעליוש און האָט סתם ליב זיך עסקן אין ביכער און מיט ציפערן, האָט ווי זיין טבע איז, זיך געגעבן אַ בייזער אָפּ אויף נאָסקען און געזאָגט:

— ער מיינט, ווייל ער גייט שטענדיק אַרום מיט די הענט אויפן הינטן און טוט גאָרנישט, אַז מע קאָן זיך באַגיין אָן „מענטשן". זיי האָבן נאָר גלאַט צו גרויסע פּענסיעס, אַזוי מיין איך.

הערמאַן, נישט קאָנענדיק פאַרטראָגן דעם שטאָך, וואָס רב מנשה'קע האָט געגעבן זיין פאָטער, האָט גלייך אָפּגעענטפערט:

— איך מיינט, מנשה'קע, אַז אַ וויכטיקע אַרבעט איז די, ביי וועלכער מע פאַרשוויצט זיך. העדשל טוט אויך אַזאַ אַרבעט. די קאָפּ־אַרבעט איז אַביסל וויכטיקער.

— יע — האָט רב נאָסקע גלייך מסכים געווען, און אויף רב מנשה'קעס פּנים האָט גענומען אַרויסשפּרינגען אַ רויטקייט.

— איי, וואָס טויג מיר איצט די משפּחה־מעשׂית — האָט דער הער אָוסעי ביטולדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — ס'איז נישט גוט און מע דאַרף זיך מיישב זיין. און ווייסן זאָלט איר אייגס, ס'איז אַזוי ווי פליג זאָגט: האַנדלט מען מיט באָבעס, פאַרדינט מען אַ באָבע. האַנדלט מען מיט הייזער, פאַרדינט מען אַ הויז.

28

ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז שולדיק אין דעם, וואָס „מ'לייזט נישט", איז די „קאָנקורענציע". אָט־אָ־די זעלבע קאָנקורענטן, וואָס דער הער אָוסעי האָט געמיינט, אַז ער האָט זיי שוין אינגאַנצן ליקווידירט. זיי האָבן טאַקע פאַרמאַכט זייערע קראָמען, אָבער די סחורות האָבן זיי אין ווייסל אַריין נישט געוואָרפן. די סחורה ליגט ביי זיי אונטער די בעטן, אין די שענק און אין די קעלערס. פון „שטייער" זיינען זיי פּטור. „מענטשן" מיט די אַלע איבעריקע צרות האָבן זיי אויך נישט. קאָנען זיי טאַקע רייבן אַ קויל און ציען אָפּ אַלע קונים.

און אחוץ דעם האלטן נאָך א טייל סוחרים וואָיאַזשאָרן. און אז מ'פאָרט צום קונה, פאַרשפּאָרט שוין דער קונה צו קומען אַהער.

— נו, און איינס מיטן אַנדערן — האָט דער העד אָוסעי אויס־געפּיהט —שטייען מיר דערווײַלע מיט דער קראָם, און אַנדערע לייזן געלט.

— עס איז נאָך נישט אַזוי, ווי דו זאָגסט — האָט נאָסקע א מאַך געטאָן מיט דער האַנט — אונדזערע קונים ווילן אין אַן אַנדער אָרט נישט קויפן.

— נו, ער גלויבט נאָך אַלץ אין די קונים — האָט שוין דער העד אָוסעי גענומען שפּריצן מיט שפּייעכץ — אַלע בייאַיינעם זיינען זיי, וואָס? זשוליקעס, סוואָלאָטשעס. און דו אַליין זוכסט נישט, ווו ס'איז א גראָשן ביליקער? גאָרנישט. ס'איז אַן אַלטע מעשה. יעדער סוחר איז א ביטראַק און א גנב.

דאָס אָפּגעזאָגט, איז דער העד אָוסעי ראַפּטיס אַרויס פון גע־שעפט, פאַרקלאַפּנדיק הינטער זיך די טיר.

און אײדער ער איז אַריין צו זיך אין קאַבינעט, האָט ער נאָך מיט א שמייכעלע געזאָגט צום פּראָקורענט:

— הא, פּאַניע פּליג? אונדזער קאָנקורענץ — דאָס איז אַזאַ חיה, וואָס טאָמער נעמט מען זי נישט אָן ביי דער מאָרדע אַזויראַ, וועט זי זיך נישט אונטערגעבן.

דער פּראָקורענט האָט זיך געבויגט אויף דער שטול און צוריק געשמייכלט:

— אוודאי. נאָר אַזוי, ווי איר מיינט.

דערנאָך האָט זיך דער העד אָוסעי א נעם געטאָן צו דער אַרבעט. ער האָט בסדר טעלעפאָנירט צו אַלע סוחרים פון זיין גראַד, זיי גערופן אויף אַן „עקסטראַאָרדינאַרע" אין יעדן איינעם געזאָגט בסוד, אַז ער האָט דעם ריכטיקן פּלאַן ווי אַזוי צו ראַטעווען די בראַנזשע פון דער שווערער לאַגע. און נאָך צום סוף האָט ער טעלעפאָנירט צו זיך אין שטוב, צו־געזאָגט די מאַדאַם אַן אַריינגעשריגן אין טעלעפאָן:

— פּאַלטשאַ, דו הערסט! ביי אונדז וועט זיין די „זעבראַניע". די ווינטעקסטע מענטשן. אָבער זע, פּאַלטשאַ, ווער דאָך אַביסל קלוגער.

## 29

די „זעבראַטיע" פֿון די הורמאָוניקעס איז טאַקע פֿאָרגעקומען. דער הער אָוסעי האָט אויפֿגעוויזן, אַז קודם מוז מען צעקוועטשן אָטאָ־די קאָנקורענטן, וואָס פֿירן נישט קיין אָפֿענע געשעפֿטן. און, צווייטנס, האָט ער געפֿאָדערט, זאָלן זיך אַלע איבערשרייבן, אַז פֿון היינט אָן שיקט מען נישט מער קיין וואַיאַזשאָרן אויף דער פּראָווינץ, וועט במילא דער פּראָווינציער קרעמער קומען צו אונדז. און דעמלט וועלן מיר שוין אים דיקטירן, און נישט ער אונדז.

האָבן זיך, אַלע זיינען באַשטאַנען אויף אַזאַ גלייכע זאַך און זיך אונטערגעשריבן דערויף מיט ביידע הענט. נישט מער, יעדער האָט זיך געטראַכט און דער ערשטער טאַקע דער הער אָוסעי: זאָלן זיי טאַקע קיינעם נישט שיקן, און איך וועל אַרויסשיקן עטלעכע מענטשן כלומרשט אויף איינצוקאַסירן חובֿות.

נו, אויף צומאָרגנס נאָך דער „זעבראַניע" האָט טאַקע יעדער „הורמאָוניק" צוגענומען מינדסטנס צוויי וואַיאַזשאָרן. און אַלע מיט דעם זעלביקן תּירוץ: איינמאָנען אויף דער פּראָווינץ די חובֿות.

## 30

אָט אַזאַ טבֿע האָבן שוין די באַלעבאַטים: דעם טאָג, ווען מ'לייזט נישט איז זיי אפֿילו איין „מענטש" אויך צופֿיל. ווי נאָר אָבער דער „הלוך נעמט ילכן", ווילן זיי איינשלינגען די גאַנצע וועלט און וויפֿל „מענטשן" זיי האָבן, איז זיי אַלץ צו קנאַפּ.

אחוץ די עטלעכע וואַיאַזשאָרן האָט דער הער אָוסעי נאָך צוגענומען אין קאָנטאָר צוויי פּריילינס און אַ שיקריינגל. ס'רעדט זיך נאָר אַזוי אַ „שיקריינגל". איינדעראמתן איז דאָס אַ יונג, וואָס ווערט ערשט זאַט ביים הריטן פֿרישטיק; אַ יונג, אַ הייך, מיט ברייטע פּלייצעס און מיט אַ היפּשער באָרד־שפּראָצונג. אייגנטלעך, פּאַסט ער אינגאַנצן נישט צו דער אַרבעט. נאָר אַזוי ווי ער האָט אַ קרובֿ אַ דאָזאָר און דער דאָזאָר אליין האָט געבעטן דעם הער אָוסעי, נו, דאַרף מען שוין אַ בער סערן זכות?

און אַז עס פֿאָרן אַרום עטלעכע וואַיאַזשאָרן און שיקן אַריין יעדן טאָג געשוואָלענע קאָנווערטן מיט באַשטעלונגען; און אַזוי ווי די קאר

סירשע באוויזט נישט צו מאכן קיין העלפט רעכעננגען, האט מען אריינגעזעצט אין איר קאנטארל נאך א רעכענונג־שרייבער, א פאליעסער בחורעץ, א שלאנקער, מיט א געדיכטער, טונקעלער גריווע, ווי ביי א ראסאווע פערד.

די קאסירשע האט נישט געמאכט קיין סוד דערפון, אז דער פאליעסער געפעלט איר. זי האט באלד געזאגט, אז זי „גוסטירט" אין אזא טיפ מאנספארשוין ווי ער איז; און אז ער איז גאר קיין מבין נישט אויף זיין וואונדער־שיינער נאז — אן אמת גריכישע נאז...

רב מנשה׳קע האט באלד גענומען ארבעטן מעשים ארום דעם פרישן שידוך. ביי אים האט ווידער אויפגעבליצט די אמביציע: „כאטש איינאיינציקן שידוך אין לעבן אדורכפירן". נאר ארויסגעוויזן האט זיך, אז רב נאסקע האט שוין באוויזן קאליע צו מאכן.

דער פאליעסער פארנעמט טאקע העפלעך אירע שמייכלען, אבער ער ווייסט שוין לויט נאסקעס רייד: „אז זי קוקט נאר אויס אזוי יונג, אבער איינדעראמתן איז זי שוין אריבער די פערציקער. וויטער מיט דעם געלט, וואס זי האט כלומרשט, איז עס אויך א באבע־מעשה. און בכלל איז זי גלאט א כיטרע, קוקט נאר אויס אריינצונארן. א ליגנערין, א גארנישט. און ערשט טראגט זי גלאט אין זיך עפעס אזעלכע מאדנע קרענק, וואס זי מוז מיט זיי אנשפארן אזש קיין אויסלאנד".

— ערנווארט, רב נאסקע, אז איך האב גארנישט בדעה צו ווערן א חתן. נישט מיט איר און נישט מיט אן אנדערער — זאגט דער פאליעסער, שמייכלענדיק, נישט וועלנדיק אויסהערן אזויפיל רכילות.

— א, אויב אזוי, איז דאך אוודאי גוט. פונדעסטוועגן מאכט נישט אויס, אז איר ווייסט דאס. — ענטפערט רב נאסקע מיט גרויס הנאה.

## .31

הכלל, ס׳געשעפט גייט אויף דער גאנצער פארע, און די באלעבאטים פראווען שמחות. רב נאסקע האט חתונה געמאכט א טאכטער און גענומען א יחוסדיקן איידעם. די קאסירשע זאגט, אז זי וועט די חתונה לאנג־לאנג געדענקען. און הערשל שפירט נאך דעם טעם אין מויל פון די רעשטלעך טייערע ווייגען און ליקערן, וואס זיינען איבערגעבליבן אין די אויסגעליידיקטע פלעשער. איצט האלט עס, אז רב מנשה׳קע זאל אנהייבן חתונה מאכן זיינע קינדער. נאר עפעס מאכט זיך נישט

קיין גלייכע זאך. ווייל דאָ, ווי ער וויל, וויל מען נישט אים. און דאָ, ווי מ'וויל אים, וויל ער נישט. צוממיינסטן רעדט אים אָפּ דער הער אָווסעי, ווייל ער ווייסט, אז דאָס שמעקט מיט ארויסשלעפּן פון געשעפט פרישע שווערע טויזנטער. האלט ער דעריבער אין איין טענהן:

— מנשה'קע, עס פּאסט נישט פאַר אונדז. וואָס וועט די וועלט זאָגן? און נאָסקע, מיינסטו, האָט יאָ באַדאַרפט טאָן דעם שידוך? טאַקע א שיינער מחותן, אָבער וואָס איז ער? א קבצן און ווייטער גאָרנישט.

דאַקעגן האָט דער הער אָווסעי ליב צו רעדן וועגן הערמאַנס שידו־כים. דאָ איז אים שוין אַלצאיינס, צי ס'פּאסט יאָ, צי ס'פּאסט נישט. ווייל ער ווייסט, אז נישט הערמאַן וועט געבן נדן, נאָר נעמען.

דערווייל האָט דער הער אָווסעי פאַרגרעסערט זיין וווינונג און זיך אויסגעשיקעוועט, זאָגט מען, א דירהלע א צאַציקע — איינס אויף דער גאַנצער גאַס.

און ווייטער איז קיין שום נייעס.

רב נאָסקע האָט טאַקע אויף צומאָרגנס, נאָך זיין טאָכטערס חתונה, געברענגט און געשעפט אריין פאַר די „מענטשן" לעקעך מיט בראָנפן; ער היט אָבער ווייטער נאָכמער ווי פריער דעם עולמס קעשע־נעס. דער פּראָקורענט פליג זאָגט ווייטער וויצן און דערציילט דעם הער אָווסעי „מעשות" פון זיינע קאָנקורענטן, פון וואָס דער באַלעבאָס האָט גרויס הנאה. שליוועניק קלייבט ווייטער געלט און פאַרגינט זיך שוין צו עסן א „צווייטן פרישטיק". און בערל פיקטער מאַטערט זיך ביי דער מינדסטער ארבעט, מוז אָפט נעמען אין מויל אריין א שטיקל צוקער, כדי צו דערכאַפּן ס'הארץ, און האלט אין איין טראַכטן וועגן דעם, אז דער מוזיניק זיינער אין דער ישיבה מוז שוין ארומגיין קריע־בלוע, אז דאָס ווייב ליגט שוין ווידער פאַרשלאָפט, און די קאָזע האָט זי שוין לאַנג פאַרקויפט; און פאַר „סטאַנציע" איז ער שוין ווידער שולדיק; און אַז דער הער אָווסעי האלט אַץ אין איין זאָגן: „אייך, רב בערל, וועל איך שוין געבן געלט די אנדערע וואָך".

## .32

ס'איז שוין אָנגעקומען דער נייער פאַקער, דער סאָכאַטשעווער, א יונגער בחור, דאָר און הויך געוואַקסן, מיט אן אומגעווינלעך הויכן האלדז, ווי ביי א גאַנער. ער איז די באַלעבאַטימס א קרוב און האָט

מיטגעבראַכט מיט זיך אַ פאַרמאַכט בריוול פון זיין מוטער צום העט־מאַן. אין דעם בריוול בעט די מוטער דעם באַלעבאָס, אַז ער זאָל למען־השם געדענקען, אַז דאָס יינגל איז אַ יתום און אַז ער וועט טריי דינען.

דער העטמאַן האָט זיך איבערגעלאָזט אויף זיין פאַרגעשמאַקסטן פאַראַנטוואָרטלעכקייט מיט דעם סאַכאַטשעווער וועגן דער משפּחה און לסוף אים טיף אַריינגעקוקט אין די אויגן און ווי געציילטע ווערטער ווי פון דיינעם טאַטנס:

— אַ שאָד אַפילו, וואָס דו קאָנסט נישט שרייבן, נאָר עס מאַכט נישט אויס. ביי מיר וועסטו זיך אַלץ אויסלערנען. דער עיקר, געדענק גוט, וואָס איך זאָג דיר: אַכטונג געבן און מיר אַלץ דערציילן, און זאָלסט זיך נישט לאָזן צורעדן פון זיי, דו הערסט? און פון זייער פאַריין זאָלסטו אַפילו נישט וועלן הערן, דו הערסט?

דעם סאַכאַטשעווערס האַלדז האָט זיך אַראָפּגעבויגן, ווי אַן איבער־געבראָכענע צווייג, און זיין קאָפּ איז נידעריק געזונקען אין דער בענקע־נייש נאָך דער אָקאָרשט פאַרלאָזענער היים.

ער האָט זיך אָבער גיך צוגעוווינט צו דער אַרבעט, דער נייער פּאַקער. תחילת איז ער געפעלן רב נאָסקען. באַלד אָבער האָט רב נאָס־קע איינגעזען, אַז ער האָט געהאַט אַ שטיקל טעות. ערשטנס, זאָגט ער, האָט ער ליב צו זאָגן אַ ליגן; און צווייטנס, האָט ער סתם אַ מיאוסע טבע צו לאַכן, וו מע דאַרף און וו מע דאַרף נישט. טאָמער פרעגט מען אים עפּעס, ענטפערט ער נישט גלייך, נאָר לאַכט סתם אין דער וועלט אַריין. רב מנשה'קע וואָרנט אים כסדר, אַז ער זאָל זיך אָפּגע־וויינען פון דער טבע, ווייל עס וועט אים קאַליע מאַכן ביי אַ שידוך.

צוממיינסטן צרות אָבער פון דעם סאַכאַטשעווער האָט בערל פּיק־טער. בערל וויל אים לערנען, ווייזן אים, ווי אַזוי מע דאַרף פּאַקן אין די קאַסטנס. און ער, דער נייער פּאַקער, לאָזט זיך נישט, רייסט זיך ווי אַ יונגער זשרעבעקל. און דערצו קומט אים נאָך צוהילף רב נאָסקע, וועלכער חזרט איבער יעדעס מאָל:

— וואָס טשעפּעט עס אייך, ר' בערל, לאָזט אים אַליין. אַז ער פּאַקט מאַקיע בעסער פון אייך אויך.

ווי שטענדיק, האָט אייך איצט בערל פּיקטער אַראָפּגעשלונגען די בימערניש און גאָרנישט נישט געענטפערט. נאָר ער האָט שוין אַלץ פאַרשטאַנען, בערל: מ'גייט אים פאַרבייטן מיט דעם נייעם פּאַקער. און ער האָט שוין אויך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס רב נאָסקען איז עפּעס פּלוצלינג אַזוי טייער געוואָרן, זיין, בערלס, געזונט: „אַט־אַ די סחורה לאָזט איבער

צו פאקן פאר דעם סאָכאַטשעווער" — טוט רב נאָסקע אָפּט אַ זאָג. און דאָס אַלץ — טראַכט בערל — כדי צו באַווייזן, אַז ער טויג שוין קאָפּוואָס צום פּאַקן. און אָט אַזוי, שטייענדיק, טוט זיך בערל איינ־קטינקטיוו אַ קוק אַרום אויף די ווענט מיט פּאָליצעס, אַרום וועלכע ער באַוועגט זיך שוין קנאַפּע דרייסיק יאָר און האָט אויסגעלייגט זיין געזינט און כוחות, כדי צו דערהיטן און פאַרגרעסערן דאָס פאַרמעגן פון די באַלעבאַטים.

און ער האָט טאַקע נישט קיין טענות געהאַט, בערל. רב נאָסקע רעדט שוין אַריין אין אויסעטן און באַווייזט אים, אַז בערל איז שוין לחלוטין איבעריק.

— ער איז שוין — טענהט ער — אַלט און שוואַך און ציטערט אונ־טער מחמת אַלטקייט. און מיר קאָנען נאָך האָבן מיט אים דאָ אַ „ניער־פּריאַטנאָסט". גלייכער אים אַהיימשיקן, וואָרן סייווי וועט ער לאַנג שוין נישט אָנטרייבן, פּאָלג מיך.

33

די וואַיאַזשאָרן האָבן, ווייזט אויס, זיך פאַרנומען ווי אויף אַ געוועט. יעדער איינער באַמיט זיך צו פאָרן אין וואָס מער שטעט און אַריינצושיקן וואָס גרעסערע קאָנווערטן מיט וועקסלען און באַשטעלונגען. די באַלעבאַטים אָבער זאָגן, אַז אַלע דריי וואַיאַזשאָרן טויגן אויפן פּייער. דער הער אָוסטי, וועלכער האָט זיך תחילת באַרימט, אַז ער האָט אַריינגעקריגן די בעסטע „פּעדלעך", באַדויערט איצט גאָר, וואָס ער האָט זיי איינגאַנצן צוגענומען.

— ווייל איך האָב שוין איינגעזען — זאָגט ער — אַז אַלע דריי זיינען אויסן נאָר זיך אַליין. און דערצו איז איינער אַ ליגנער, דער צווייר־טער — אַ בהמה. יאָ, יאָ, אַ בהמה. און דער דריטער איז גלאַט אַ... זאָל איך עס פאַרמאָגן אין באַרעס געלט, וואָס איך וואָלט אים נישט געטרויט.

דעם דריטן מיינט ער ברעגמאַנען. אָט־אָ דעם, וועלכן דער פּראָקור־רענט פּליג האָט אַ נאָמען געגעבן „פּאָנפּלאַק", ווייל ער רעדט אַביסל אונטער דער נאָז.

ברעגמאַן איז פון די וואַיאַזשאָרן, וואָס האָבן ליב אַ קוטל און אונטערוועגס זוכן זיי אויס אַכסניות, נאָר, ווו ס'זיינען פאַראַן שיינע באַדינערינס. נאָך יעדער רייזע דערציילט ער אָן אַ שיר אַזעלכע מעשות.

און רב מנשה'קע איז א בעלן זיך אוועקזעצן מיט אים אויף שעהן־לאנג און הערן זיינע מעשות פון די האָטעלן און אכסניות און ביינאכטיקע פינצטערע וואגאָנעס.

אַמאָל איז ברעגמאַן געווען אַ גאַנצער קראַנקער. ער איז געווען אין אַנגעזעצטער מיטגליד אין פאַריין פון די האַנדלס־אַנגעשטעלטע. און דער פירמע, ווו ער האָט אַמאָל געאַרבעט, האָט ער אָנגעפירט מיט אַ שטרייק און איז דערפאַר אָפּגעזאָגט געוואָרן פון פּאָסטן. אָבער דאָס אַלץ האָט ער שוין לאַנג פאַרוואָרפן און אַ זייט און זיך באַמיט צו פאַרגעסן אין דעם, וואָס געווען. זינט דעמלט וויל ער שוין גאָרנישט הערן פון אַזעלכע זאַכן, ווי „שטרייקן". ווייל יעדער איינער, זאָגט ער, דאַרף זען זיך אַליין אויסצובעסערן זיין לאַגע.

ברעגמאַן קען אויסגעצייכנט די קונדשאַפט, קאָן ער אָבער שוואַך די בראַנזשע. האָט ער אַ טבע: ווען ער קומט פון דער רייזע, ארומצו־קריכן ביי די פּאָליצעס און זיך האַלטן אין איין פרעגן: „וואָס פאַר אַ מין איז דאָס און וואָס איז יענץ?" רב נאָסקע לאָזט אים בעת־מעשה נישט אראָפּ פון אויג. ער זאָגט, אַז דאָס איז אַזאַ אָנשטעל. אינדער־אמתן זייען זיי געכאַפּט אין דער מעשה „לא תגנוב". און טאָמער נעמט זיך רב נאָסקע צו אַ מענטש, לאָזט ער אים אַזוי לייכט נישט אָפּ. ער האָט אַזוי לאַנג אריינגערעדט אין אָוסעיען, אַז ברעגמאַנס „ארומבאַבערעווען ארום די פּאָליצעס געפעלט אים נישט", ביז דער פּראָקורענט פליג האָט איינמאָל אין גילדענעם גוטן אריינגענומען ברעג־מאַנען אין קאַבינעט, אים אויסגעטאָן ביז די אונטערהויש און געזוכט ביי אים די סחורה, וועלכע נאָסקע האָט אָקאָרשט געזען, ווי ער האָט געשלעפּט פון דער פּאָליצע אין קעשענע.

נאָך אַ שעה צייט איז ברעגמאַן ארויס פון קאַבינעט מיט אַ צער היצט צוויקענדיק פּנים. קיינער פון פּערסאָנאַל האָט נישט געוווּסט, וואָס עס איז געשען, ווייל סיי ברעגמאַן און סיי די באַלעבאַטים האָבן טיף באַהאַלטן דעם סוד. ערשט אין אַ פּאָר יאָר ארום האָט מען זיך דערוווּסט, אַז מע האָט ביי ברעגמאַנען געזוכט אַפילו אין די שקאַר־פּעטקעס.

נאָר איינס קומט נישט צום אַנדערן, ברעגמאַן טוט ווייטער אַלץ, כדי געפעלן צו ווערן די באַלעבאַטים. ער שיקט זיי מתנות צו זייער געבורטס־טאָג. און דאָס אַלץ — זאָגט ברעגמאַן — דערפאַר, ווייל ער איז און וועט זיין אַ דעמאָקראַטישער מענטש.

שאול בינשטאָק איז אַ מענטש, וואָס ביי אים הערט זיך אַלעמאָל „קיין שום נייעס". די שטיקלעך ירושה פון זיין צד און זיין ווייבס צד שטייען פעסט און זיכער. וועגן מאָרגנדיקן טאָג האָט ער נישט וואָס צו קלערן. און אויב עס מאַכט זיך אים אַמאָל אַ קלער, אַרט עס אים אויך ווייניק. ער לאָזט עס איבער פאַר זיין ווייב. „זי וועט עס שוין מאַכן גוט". אַזוי זאָגט זיך שאול אין יעדער פאַרלעגנהייט, „זי איז אַ בריה אויף אַלץ".

שאול האָט שוין דערוואַקסענע קינדער. און ער הייבט נישט אָן צו וויסן, אין וואָסערע שולן זיי לערנען און וואָס זיי לערנען. „זי ווייסט אַלץ, אַלץ זי".

ער אַליין, שאול, ווייסט נאָר אַרומצופאָרן אין זיין ראַיאָן, אין די אַלע שטעט און שטעטלעך און ברענגען פאַר דער פירמע וואָס מען באַשטעלינגען.

אַמאָל איז שוין שאול געווען באַלעבאָס פאַר זיך. ער האָט גע־האַנדלט אויף אייגענעם חשבון. אָבער „זי" האָט אים געגעבן צו פאַר־שטיין, אַז ער טויג זיך נישט דערצו. ער האָט אַ צו ווייכע נאַטור און אַ צו־פּיטשיטשקע גאַל אויף צו זיין אַליין באַלעבאָס. האָט ער געפאָלגט און געוואָרן צוריק אַ „מענטש".

שאול ווייסט, אַז די באַלעבאַטים חוזקן פון אים אָפּ. נאָר עס אַרט אים נישט, ווייל „זי" האָט אים שוין אַ סך מאָל געזאָגט, אַז הינטער קייסערס פּלייצע מעג מען אַלץ ריידן. נו, פירט זיך שאול ווי אַ קייסער. זינט אָבער ער איז געוואָרן געוואָרן, אַז דער הער אָווסעי האַלט אים פאַר אַ בהמה, קאָן ער זיך נישט באַרויקן. אַפּנים, אַז אָט די מעשה האָט ער זיך געשעמט „איר" צו דערציילן. ער האָט אַזוי לאַנג געזוכט אַ גע־לעגנהייט, ביז ער האָט געפּאַקט אָווסעיען אין אַ פּריוואַטער מינוט און גלייך צוגעטרעטן צום ענין:

— פּאַניע פּלינט — האָט שאול אָנגעהויבן — אַז איך געפעל אייך נישט, קאָנט איר דאָך מיר זאָגן און איך קאָן אַוועקגיין. נישט איר נעמט און רעדט פאַר די משרתים, אַז איך בין אַ פערד, אַ בהמה. נו, זאָגט אַליין, פּאַסט דאָס פאַר אייך, פּאַניע פּלינט?

דער הער אַוּוסעי האָט זיך אַזוי האַרציק צעלאַכט, אַז ער האָט אַזש געמוזט רופן צו הילף פליגן. דערנאָך האָט ער געקלאַפּט שאולן אין דער פּלייצע און געהאַלטן אין איין איבערחזרן:

— אוי, פּאַניע שאול, הלוואי וואָלט איך געהאַט אַלע אַזעלכע „מענטשן”, ווי איר זענט, אַ, פּאַניע פּליגן?

## 35

דער דריטער וואַיאַזשאַר, רב מענדעלע, איז אַ פּול קיילעכיק יידל מיט אַ האָרט שפּיציק בערדל און אַ רונד פּעסט בייכל, וואָס איז אים נאָך געבליבן פון יענע יאָרן, ווען ער איז אַליין געווען אַ סוחר. רב מענדעלעס הענט און פיס באַוועגן זיך ראַש און רירעוודיק, ווי אויף שפּרינגפעדערס און פון זיין מויל שיסן זיך ווערטער ווי פון אַ געד ליקבערטן זאַק. רב נאָסקעס זאָגט, אַז ער פאַרשטייט גאָרנישט ווי אַזוי דער מענטש קאָן זיך פאַרגינען צו שלאָפן. סיידן, זאָגט ער, ער מוז אין שלאָף אויך ריידן.

רב מענדעלע וועט קיינמאָל נישט קומען פון דער רייזע אָן אַ קוישל אייער, פּומער, קעז, עטלעכע עופות און נאָך זאַכן, פון וואָס דאָס בייכל וועט נישט איינגעשרומפּן. באַלד אויפן אָרט, ווי נאָר ער זאָגט דעם „גוטמאָרגן”, מאַכט ער באַלד אַ חשבון פון די מציאות, וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט אויף דער פּראָווינץ:

— דאָס גענדזל וועט מען אָפּבראָטן, און פון דער הון וועט זיין אַ יויך... און אַזוי ווי די הון איז אַ פעטע, וועט נאָך זיין אביסל שמאַלץ. און אביסעלע ציבעלע מיט הינערן־שמאַלץ...

נאָר דאָ פאַלט אריין אין קראָם דער הער אַוּוסעי און גיט אים אַ פרעג:

— און וואָס האָט איר דערליידיקט אין בריסק?

ענטפערט רב מענדעלע אַזוי:

— איר הערט דאָך, פּאַניע אַוּוסעי, איך קום אריין אין בריסק, איז שוין שפּעט און אָוונט און אַלע קראָמען זיינען שוין פאַרמאַכט. ווייס איך דאָך, אַז מ'קאָן גיין הינטנאַרומעט, דערווייל...

— אָבער איין וואָרט ענטפערט מיר: איר האָט דערליידיקט צי נישט?

— הערט איר דאָך: דערווייל האָט דאָרט מיין ווייב אַ קרובה...

נאָר דאָ טוט שוין דער העור אָוווסעי א רעד אַרויס אַ מיאוס וואָרט און לויפט אַרויס פון דער קראָם, פאַרהאַקנדיק הינטער זיך די טיר. מענדעלע בלייבט שטיין א ווײַלע פאַרבליפט. אָבער באַלד טוט ער זיך א כאַפּ און זאָגט צו די איבעריקע באַלעבאַטים.

— א שיינע מעשה. איך קאָן אָוווסעיען פון הײַנט? אַז ער וויל קײנמאָל נישט אויסהערן א תשובה. פאַרפאַלן. אַזעלכע נערוון. א, רב נאָסקע, וואָס זאָגט איר?

נאָר רב נאָסקע ענטפערט אים נישט.

רב נאָסקע האָט זיך פאַרשווירן נישט צו ריידן צו רב מענדעלען, ווי לאַנג ער וועט דאָ אַרבעטן. רב נאָסקע איז לכתחילה געווען קעגן דעם, אַז מ'זאָל גאָר מענדעלען צונעמען אַלס וואַיאַזשאָר. ווײַל ביז מע וועט אים ליגן שערבעלעך אויף די אויגן, זאָגט רב נאָסקע, וועט ער נישט פאַרגעסן, ווי אַזוי דעראָ רב מענדעלע איז צוויי וואָכן, איידער ער האָט באַנקראָטירט, אַרײַנגעקומען, און אָט דאָ ביי דעם פולט, ווו רב נאָסקע שטייט, אויסגענאַרט זיבן קאַסטנס מיט סחורה און נישט באַצאָלט דערפאַר קיין זיבן גראָשן.

און דערפאַר־אָ ענטפערט ער קײנמאָל נישט רב מענדעלען. כאָטש רב מענדעלע האַלט אים אין איין חנפענען און ווייזט אים אָן פאַרשײדענע רפואות, ווי אַזוי אויסצוהיילן דעם מיחוש אין דער זייט.

די רפואות נעמט טאַקע רב נאָסקע צו, און א סברה, אַז זיי מאַכן אים בעסער, אָבער ער הערט נישט אויף צו בײַנטעווען אָוווסעיען, אַז ער זאָל מאַכן א סוף מיט דעם סוואָלאָטש און ליגנער.

און סוף־כל־סוף האָט טאַקע רב נאָסקע אויסגעפירט. רב מענדעלע פאָרט ווײַטער פון דער פירמע, אָבער נישט אַלס פענסיע־מענטש, נאָר אַלס אַזעלכער, וואָס באַקומט זיך זײַן פּראָוויזיע פון יעדער באַשטעלונג.

ערשט נאָכדעם ווי רב נאָסקע האָט אויסגעפירט ס'זײַניקע, האָט ער ווידער אָנגעהויבן רעדן מיט מענדעלען. און דעם שמועס פירט ער שטענדיק אַזוי, אַז אין סוף זאָל ער צוקומען צו דער מעשה מיט די זיבן קאַסטנס סחורה...

## 36

ס'איז די אַמביציע פון העור אָוווסעי צו ווערן איינער אין וואַרשע.

„דער קעניג פון דער פאַפיר־בראַנזשע!" אַזוי זאָגט אויף זיך העור אָוו־

סעי. און אַט אזוי, זאָגט ער, וועלן אים אויך אין קורצן אלע מוזן רופן. איצט ערשט, זאָגט ער, וועט די וועלט זען און באַוווּנדערן, ווער עס איז דער הער אָווסעי פּליגט.

און נישט דערציילנדיק אפילו די שותּפים זיינע געגנוי, וואָס ער גייט דאָ אויפטאָן, האָט זיך דער הער אָווסעי גענומען פאַרווירקלעכן זיינע פּלענער.

דאָס צעטראַסקעטע און חרובֿע דאָרף און שטעטל נאָך דער מלחמה האָט זיך ערשט גענומען צוריק אויפבויען. פון אומעטום, פון די פאַרוואָרפנסטע קאַנטן איז מען געקומען נאָך סחורה. און סחורה האָט מען געדאַרפט גאָר א סך. מע האָט גאָרנישט געקאָנט באַווייזן אַזויפיל צו־צושטעלן.

דער הער אָווסעי — ער, מיט זיין גרויסער קראָם און מיט זיין סאָלידן נאָמען אין דער סוחרישער וועלט — האָט דערפילט, אַז איצט אַקוראַט איז געקומען די צייט א רודער צו טאָן. מ'דאַרף נאָר נישט פאַרשלאָפן, און דער עיקר — וואָס ווייניקער ריידן וועגן דעם מיט די בטלנים, ס'הייסט מיט די שותּפים. און אַט איז ער זיך אַוועקגעפאָרן אויף עטלעכע וואָכן קיין אויסלאַנד, אָפּגעמאַכט דאָרט מיט עטלעכע פאַבריקאַנטן, אַז ער, ער איינער וועט אָפּנעמען זייער גאַנצע אויסאַרבעטונג. און צוריקגעקומען איז ער א צופרידענער. אין א פּאָר ווערטער דערציילט די שותּפים, וואָס ר'האָט אויפגעטאָן, און דערביי געקוקט אויף זיי, ווי אויף געטרייע הינט, וועלכע מ'לאָזט איבער אָפּהיטן דאָס פאַרמעגן און מע טרעפט אַלץ אין בעסטן אָרדענונג.

אפילו בערל פיקטער געדענקט נישט, אַז אין קראָם און אין קאַנטאָר זאָל זיין אַזוי טומלדיק און ריַרעוודיק ווי היינט. באַזונדערס טאַקע אין קאַנטאָר. די טיר רוט נישט דאָרט קיין איין מינוט. פאַבריקאַנטן, סוחרים און אַגענטן, אפילו פון אַמעריקע, קומען און גייען. יעדן פון זיי קומט אים צו וואַרטן הינטער דער טיר פון הער אָווסעיס קאַבינעט, ביז זיי ווערן אויפגענומען. די צייט פאַרטרייבט זיי דערווייל דער פּראָקורענט פּליג. אים טוט שיין ווי דער רוקן פון בויגעניש און דרייעניש פאַר די הויכגעשטעלטע לייט.

ס'איז אים אָבער אַלץ ווערט, זיך דערמאָנענדיק אָן די גראָבע פּראָוויזיעס וואָס אים וועט אַריינפאַלן.

און דער הער אָווסעי ווערט ביי זיך פון טאָג צו טאָג אַלץ חשובֿער. פאַרשידענע חבֿרות און אינסטיטוציעס שענקען אים ערן־טיטולן. און אַז דער געוועזענער רבי איז געקומען קלייבן געלט אויף ישיבֿות, האָט ער נישט

פארגעסן אריינצושטעלן אין צעטל פון די איינגעלאדענע „חסידים" חעם נאָמען פון הער אָווסעי פליגט.

ביי יעדן פרישן טראנספּאָרט סחורה, וואָס קומט אָן פון אויסלאנד, באַווייזט אויך אין קראָם דער הער אָווסעי א קוק צו טאָן אויף דעם, וואָס ער האָט איינגעהאנדלט.

ער איז גוט אויפגעלייגט און זייער צופרידן. און מיט די ברידער רעדט ער זיך אדורך אויף א קאָמבינירטן לשון, כדי די „מענטשן" זאָלן נישט פארשטיין און נישט וויסן דעם ריוח, וועלכער שאפט דעם הער אָווסעי און זיינע שותפים אזויפיל פרייד און הנאה.

37

אלץ וואָלט געווען גוט, ווייל און פיין, זאָגט רב נאָסקע, ווען אין דעם „רעדל" וואָס דרייט זיך, זאָלן זיך אויך נישט דרייען די עטלעכע שיינע חסידישע יידן מיט די חשובע בערד. יעדן טאָג קומען זיי אין קאנטאָר, די עטלעכע יידן מיט די פיינע שווארצע קאפּאָטעלעך, גימזענע שטיוועלעך און מיט א רירעוודיק שטעקעלע אין האנט. זיי האָבן קיינמאָל נישט קיין צייט. אָן צערעמאָניעס גייען זיי אריין אין קאַבינעט, און דער הער אָווסעי נעמט זיי אויף פריער פאר אלעמען, ווייל דאָס זיינען יידן פּראָצענטניקעס, וואָס באָרגן דעם הער אָווסעי אזויפיל געלט, וויפל נאָר ער באדארף. דער פּראָקורענט פליג און אויך דער הער אָווסעי האָבן אָט די יידן א נאָמען געגעבן „בהמות", מחמת זיי לאָזן זיך „מעלקן" און גיבן געלט. רב נאָסקע אָבער האלט אין איין וואָרענען, אז אזא איין „בהמה" קאָן מער שלעכטס טאָן, ווי הונדערט אמתע ביקעס מיט די גרעסטע הערנער. אָ, ער קען זיי שוין גוט אָט־אָ די סאָרטן יידן נאָך פון רוסלאנד. פאר א גוטן פּראָצענט גיבן זיי טאקע געלט, וויפל מע דארף. קוים אָבער גיט מען זיי נישט אָוועק אַקוראט צו דער מינוט, קאָנען זיי אין איין מינוט מאכן פון אלעמען א בארג אש.

— פארפאלן — זאָגט רב נאָסקע בעת א שמועס אין אָווסעיס קאַבינעט. — פּראָצענט איז דער גרעסטער גנב, דאָס וועט אונדז אויפפרעסן מיט די קאַפּיטעס, פאָלג מיך, נעם זיי אָפּצאָלן און טרייב זיי ארויס ווי די הינט.

דער הער אָווסעי אָבער האָט זיך אויסגעלאַכט פון אים:

— איי, נאָסקע, נאָסקע, ביסט נאָך אַלץ געווינט צו דיינע יעקאַטערינאָסלאַווער גראַשענע געשעפטן.

## 38

יעדעס מאָל, ווען די „מענטשן" בעטן אַ הוספה, מאַכט דער הער אָווסעי אַקוראַט אַזוי, ווי יענער ליטוואַק צו זיינע קרעדיטאָרן: „טאָמער זאָג איך אייך, רבותי, אַז איך גיב נישט, זאָלט איר וויסן זיין, אַז איך גיב טאַקע נישט קיין גראָשן. קוים אָבער זאָג איך, אַז איך גיב יאָ — זאָג איך".

און יעדן איינעם זאָגט ער טאַקע צו, דער הער אָווסעי. אָבער געבן — איילט ער זיך נישט. פאַר יעדן האָט ער אַן אַנדער תירוץ. ער וועט, זאָגט ער, נאָכזען אין די ביכער; ער וויל בכלל געוווּיר ווערן אויף די נאַלעוווקעס, וויפל, אַ שטייגער, „משרתים" פאַרדינען היינט; טעראַמע, פּי־פּאַ; דערהווייל גייען טעג און וואָכן, און די הוספה ליגט נאָך אַלץ ביים הער אָווסעי אין דער קעשענע.

און דאָס אַלץ דערפאַר, ווייל ביי דער „פּירמע פּלינט" מאַכט יע־דער אָנגעשטעלטער שבת פאַר זיך. עטלעכע „מענטשן" האָבן אפילו יאָ אין דער קעשענע לעגיטימאַציעס פון פאַריין. מ'האַלט דאָס אָבער ווי אַן אַפּקומעניש, און קיינער גייט קיינמאָל נישט אהין. און אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן, אַז דער הער אָווסעי זאָל געוווּיר ווערן דערפון.

— ווייל דאָס איז אַ פאַריין — זאָגט דער הער אָווסעי — פון אויס־וווּרפן און געמיינסטן פעבל. און אַן אָרנטלעכער אָנגעשטעלטער וועט דאָרט נישט אַרייגיין. באַמש איך אַליין, מוזט איר וויסן, האָב צו יע־נער צייט געהאָלפן גרינדן דעם פאַריין. אָבער וואָס האָבן די לאָבוסעס געמאַכט פון אים? ביי אונדז איז דאָס געווען אַן אָרט פון „גייסטיקן געניס" און די הייַנטיקע לאָבוסעס ווייסן נישט מער, נאָר: „בהרזשוי, גיב געלט!" אַז נישט איז שטרייקן, שטרייקן און ווידעראַמאָל שטרייקן. נו, פרעג איך אייך, האָט עס אַ טעם אַזאַ פאַריין?

דער עולם געדענקט גוט די רייד. און דעריבער סטאַרעט זיך יע־דער בעסער צו געפעלן דעם באַלעבאָס. און יעדער זוכט דאָס פּאַסיקע אָרט און די פּאַסיקע מינוט, ווען דער הער אָווסעי איז גוט אויפגעלייגט, בדי אים צו דערמאָנען: אַז „ס'איז שווער אויסצוקומען מיט דער פּענסיע,

פאניע פלינט". „א ווייב מיט צוויי קינדערלעך, זאָלן געזונט זיין".
„סטייעט קוים אויף עסן, און וווּ איז א שוך, אָנטועכץ?" „א קראַנקע
מאַמע און שוועסטער, וואָס פאַרדינען גאָרנישט, פאַטיע פלינט. איר האָט
שוין מיר עטלעכע מאָל צוגעזאָגט"...

דער הער אָווסעיִ הערט רויק אוים די אַלע טענות און פטרט יעדן
איינעם אָפּ מיט דעם זעלביקן:

— נו גוט, גוט... גייט. מ'עט שוין זען צו טאָן, איך בין דאָך נישט
איינער. כ'מוז זיך דאָך מיישב זיין מיט מיינע שותּפים. איבעריקנס האָב
איך איצט נישט קיין צייט. אפילו איין רגע נישט.

און באַלד דערנאָך רופט ער אַריין צו זיך דעם פּראָקורענט פליג
און פרעגט אים מיט א פאַרלעגן שמייכעלע:

— א, פאניע פליג, וואָס זאָגט איר צו דער „הברה"? זיי ווילן
געלט, „פאַדווישקעס".

פליג, שטענדיק ביי דער אַרבעט א גוט אויפגעלייגטער, גיט ווי זיין
טבע איז, א רייב א האַנט אין א האַנט:

— איר קענט דאָך די מעשה מיט יענעם באַלעבאָס. דאַכט זיך,
אַז איך האָב אייך שוין דערציילט: „מ'עט זען", „מאָרגן", „נאָך אין א
פּאָר טעג". הא, פאַניע פלינט? כע! כע!

— דערווייל שלעפּ איך זיי שוין א פּאָר וואָכן. אָבער ווי מיינט איר,
ס'איז נישט עפּעס אַמאָל ביי זיי אַן אָפּגערעדטע זאַך? א יד־אחת?

— דערפאַר דאַרפט איר נישט מורא האָבן, פאַניע פלינט, איר האָט
גלאַט מזל צו „משרתים".

— ווי? איר האָט א „שמעק" געטאָן די זאַך?

— פאַרלאָזט אייך. פונדעסטוועגן, מיין איך, דאַרפט איר עטלעכע
פון זיי דערלייגן עפּעס. פאַרשטאָפּן דאָס מויל.

— כ'האָב טאַקע אויך אַזוי געקלערט צו טאָן. אָבער וואָס אַרט מיך,
אַז נאָך אין א פּאָר וואָכן אַרום?

— וועגן דעם איז אָפּגערעדט.

דערווייל ווילן איינער ביים אַנדערן געוואויר ווערן, מיט וואָס דער
הער אָווסעיִ האָט אים אָפּגעפטרט און וואָס ער האָט אים צוגעזאָגט.
נישט קאָנענדיק וועגן דעם אַלעמען רעדן אין געשעפט, שמועסט מען זיך
אָפּ צו טרעפן נאָך דער אַרבעט אויף דער גאַס. מ'שטייט אין איין פחד
נישט צו טרעפן אקוראט עמעצן פון די באַלעבאַטים אָדער עמעצן פון
יענע „מענטשן", וואָס וועלן באַלד אַלץ איבערדערציילן דעם הער אָווסעיִ.

הערשל בעט זיך נאָר איין זאך: מיט אים, הערשלען, וויל דער הער אָווסעי גאָרנישט רעדן. וויל ער, הערשל, אז מ'זאָל אים אויך אין זין האָבן.

און בערל פיקמער האָט א בקשה:

— איך בין אים מוחל — זאָגט ער — די הוספות. זאָל ער מיר בעסער געבן יעדע וואָך, וואָס מיר קומט. אז ס'איז דאָך שוין סכנות, זאָג איך אייך. און אים אַרט עס נישט.

— און ער (אָווסעי) האלט אין איין נארן און אָפּשלעפּן, און דאָס שמאלץ רינט אים איבער דער באָרד.

ראַטאָמער זאָגט, אז אלע זאָלן אריינגיין צו אים אויף אַמאָל און איינער זאָל רעדן פאַר אלע.

שליוואַניק האלט, אָבער, אז פריער זאָל מען צו אים שיקן א בריוו און אלע זאָלן זיך אונטערשרייבן.

די קאַסירשע, וועלכע שטייט די גאַנצע צייט ווי אויף שפּילקעס, מחמת זי איילט זיך צו א שניידערן, האלט נישט פון דיביידע עצות. זי זאָגט, אז דעם הער אָווסעי דאַרף מען קענען און צו אים דאַרף מען גיין נאָר מיט גוטן. זי האָט, זאָגט זי, צום הער אָווסעי', דעם פולסטן צוטרוי, ער איז, זאָגט זי, א „פּאַן" און ערן־מאַן. און האָט ער איר צוגעזאָגט צו געבן א הוספה גלויבט זי אים. און זי וועט נישט גיין נאָכאַמאָל, און זי וועט נישט שרייבן קיין בריוו.

— אָבער איך הויב אייך נישט אָן צו פאַרשטיין — מישט זיך אריין דער פּאָליעסער מיט דער שיינער נאָז. — מיר האָבן אונדזערן א פאַרייין צי נישט? טאָ פאַרוואָס נישט אריינגיין אין פאַריין און איבערגעבן דעם גאַנצן ענין?

— איר קענט נאָך נישט דעם הער אָווסעי. איר זענט נאָך דאָ א גרינער.

— איך האָב שוין געזען גרעסערע קנאַקערס, ווי דער פאַריין האָט אויסגעפירט.

— אָבער נישט דאָ.

— פאַרוואָס?

— ער האָט דאָ צופיל אייגענע. און נעמט אפילו רב בערלען. אזא ייד, ווילט איר, זאָל שטרייקן?

— ער וועט מוזן!

— שאַ־שאַ, קריגט אייך נישט — זאָגט בערל און פאָכעט צעשראָקן מיט ביידע הענט.

שליוּוניק האָט זיך אינסטינקטיוו א טאַפּ געטאָן ביים טייסטער מיט געלט און ביטולדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— אָט, אומזיסטע רייד. פון דעם וועט גאָרנישט אַרויסקומען.

די קאַסירשע האָט זיך גיך אָפּגעזעגנט און אַוועק.

און דער פּאָליעסער האָט געוואָרנט:

— געדענקט, אַזוי ווי איר בעט זיך אויס, אַזוי וועט איר שלאָפן.

## 39

— פון מענדעוועשקעס, הא, פאניע פליג, קאָן מען זיך אָפּטשע־פּען? — האָט אנומלטן דער הער אָוסעי געפרעגט דעם פּראָקורענט, בעת ער האָט אים פארבעטן צו זיך אויף מיטאָג. — פארפאַלן. אז ס'בייסט, מוז מען קראַצן. איך וואָלט זיי אַפילו דערלייגט א קרענק. איך זע נישט אָבער קיין אנדערע „מענטשן", און ארבעט איז פאראן איבערן קאָפּ.

און צו די „מענטשן" האָט דער הער אָוסעי געזאָגט, וועלנדיק זיי אונטערטרייבן ביי דער ארבעט.

— כ'האָב שוין געהייסן פליגן אייך אויסצאָלן א גרעסערע פּענסיע.

ניגעריק און אומגעדולדיק האָט דער עולם געוואַרט ביז דאָנער־שטיק ביינאכט. ענדלעך איז געקומען די שעה. דער פּראָקורענט האָט אריינגעקוקט אין א „ליסטע" און אויסגעצאָלט די „געהעכערטע" פּענ־סיעס. די, וועלכע האָבן ערשט געארבעט אזא און אזא צייט האָט דער הער אָוסעי גאָרנישט דערלייגט. און די, וועלכע האָבן יאָ באקומען א „שטופּ אין די ציין אריין", האָבן עטלעכע מאָל איבערגעציילט דעם געלט, מיינענדיק, אז ס'איז א טעות. ווייל געגעבן האָט דאָך דער הער אָוסעי, און געגעבן אזויפיל, וויפל ער האָט געוואָלט.

שליוּוניק האָט צוגעלייגט דאָס געלט צו דער קופּע און א צופרידע־נער געזאָגט:

— א גוטע נאכט!

ראטאָמער האָט א ברום געטאָן מיט א זויערלעכער מינע:

— אקוראט אויף א צוקער־שטריקל.

און די קאַסירשע האָט ליטוועליק געשמייכלט און ווידער־אמאָל הנאה געהאט דערפון, וואָס דער הער אָוסעי האָט זי נישט אנטוישט.

הערשל האָט געוויינט אין איין האַנט די דערלייגטע עטלעכע גילדן, געקלערט וועגן דעם קינד, וואָס איז אים דאָ נישט לאַנג געבוירן געוואָרן און זיך געשיובט וואָס צו טאָן: צונעמען אָדער צוריקוואַרפן, ווייל אַלצאיינס בלייבט ער דער זעלבער קבצן.

— נו וואָס שטייסטו, אידיאָט? — האָט דער פּראָקורענט פליג צו אים א געשריי געטאָן. — דיר געפעלט אייך נישט די פּאָדווישקע?

— אַז איך קאָן פּאָרט נישט אויסקומען — האָט הערשל צעטומלט געברומט אונטער דער נאָז.

— ס'געפעלט דיר נישט? טאָ גיי קע... ווער הייסט דיך אַרבעטן?

— פּאַניע פליג, נאָר ביזערט אייך נישט — האָט הערשל געהאַלטן אין איין שטאַמלען, געקאָכט פון צאָרן און געוואָלט אים עפּעס אַריינזאָגן, כלומרשט אין גוטן. — גלויבט מיר, מ'קאָן גאָרנישט וויסן. איר קאָנט אמאָל פונדאַנען פּריער אַוועקגיין, ווי איך.

— נו פּאָשאָל וואָן! — האָט הער פליג א ריטשע געטאָן, געווען זידלען דאָס שעבל און זיך נישט געקאָנט באַרויקן פון הערשלס חוצפּה.

הערשלען האָט באַגאָסן א היץ.

— אָבער שרייען דאַרפט איר נישט. נישט איר זענט דער באַלעבאָס, און נישט איר צאָלט אייערס.

דאָ האָט זיך שוין דער פּראָקורענט אויפגעשטעלט א רויט־אָנגעגאָסענער, געוויזן מיט א האַנט צו דער טיר און ווידער א ריטשע געטאָן:
— פּאָשאָל!

— נו וואַרפט מיך אַרויס! — און הערשל האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

דער פּראָקורענט האָט א שפּיי געטאָן אין הערשלס זייט און א צווייטער זאַטעלנער זיך צוריקגעזעצט.

הערשל האָט געקאָכט פון כעס און צאָרן, א ווײַלע געקוקט אויף די אַרומיקע בוכהאַלטאָרישע פּנימער, וועלכע ער טראָגט צו יעדן טאָג טיי און וועלכע זיינען איצט געווען איינגעגראָבן אין די ביכער, גלייך זיי וואָלטן גאָרנישט געהערט און גאָרנישט געזען. ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, הערשל, אין כסדר געטראַכט: אַוועקגיין, אָדער דערלאַנגען דעם פּראָקורענט מיט א טינטער אין קאָפּ אַריין?

גאָר „פּלוצלינג" האָט זיך עס אָנגעהויבן ווי בעת אַ מגפה. נישטאָ דער טאָג, אַז אַ סוחר פון דער בראַנזשע זאָל נישט באַנקראָטירן. רב נאָסקע זוכט פאַר זיי אויס כלערליי צרות און ווינטשט זיי אויסצוקרענקען זיין פּראָצע, וואָס זיי האָבן אָנגעראַבעוועט.

רב מנשה׳קע, וועלכער האָט שוין פאַר דער צייט אויסגעהאָדעוועט אַן אייגן אַדוואָקאַטל און איז מיטאַמאָל אַליין געוואָרן בקי אין אַלע „פּראָוועס", טוט יעדעס מאָל אַ פאַרוואָרף די הענט, ווי ער וואָלט עמעצן דראָען:

— פאַר אַזאַ סוואָלאָטש איז נאָר צו שיקן אַ בריוו פון אַן אַדוואָקאַט (פאַרשטייט זיך, פון זיין זון) און קאָנטשענאָ!

הערמאַן גייט גאָר אַרום אַ צעטומלטער. ער מיט זייַנע סך־הכל עטלעכע פּראָצענט. און אַז די באַנקראָטניקעס וועלן נעמען רייסן שטיקער פון אַלע זייטן. שיין וועט עס אויסזען.

כמעט ווי גאַרנישט אַרט עס נאָר אים אַליין, דעם הער אָווסעי. יעדן טאָג זאָגט ער אָן זייַנע ברידער:

נאָסקע, מנשה׳קע, געהערט? אַ פרישע פּליטה!

און הגם עס קאָסט אים געזונט געלט, אַט די אַלע פּליטות, איז ער אָבער צופרידן, דער הער אָווסעי.

— האָב זיי אַ שוואַרץ יאָר — זאָגט ער. — פּטור געוואָרן פון נאָך אַ וואַנץ. הא, פּאַניע פּליג?

— ווי דען — באַשטעטיקט כיטרע דער פּראָקורענט. — מ׳זעט, אַז אַלץ וואָס איר זאָגט ווערט מקוים.

— אָבער איך האָב געזאָגט, הא? — טוט עס הנאה דעם הער אָווסעי.

זינט אָבער מע האָט אָנגעהויבן ריידן אין גאַס, אַז ביי מילערן „הייבט שוין אָן שפּילן אַ ראָלע אַ טשוואָק" און אַז אין דער עלטסטער און רייכסטער פּאַפּיר־קראָם אין פּוילן איז עפּעס נישט מיט אַלעמען, ווערשט דער מאָלט האָט דער הער אָווסעי ס׳ערשטע מאָל אַ קנייטש געטאָן דעם שטערן און באַוויזן אַן אומהיימלעך פּנים.

אויגנבליקלעך האָט דער הער אָווסעי אַליין געבראַנגט די נייעס. אַלס דעם קעניג פון דער בראַנזשע, האָבן די מילערס, שוין ביים סאַמע פאַלן, אייך פאַרבעטן צו זיך דעם הער אָווסעי, אפשר האָט ער עפּעס פאַר זיי אַן עצה. נאָר צוריקגעקומען פון דאָרט איז דער הער אָווסעי מיט אַ ביסל

אָן אַ זייט פּאַרהיקטן קאַפּעליוש און מיט אַ געקניטשטן שטערן. ארויסגעוויזן האָט זיך, אַז ס׳איז דאָרט־אַזוי מסוכּנדיק, אַז קיין שום דאָקטער אין דער וועלט קאָן נישט העלפן. און ס׳איז גאָר אַ גליק, זאָגט דער העור אָווסעי, וואָס רב ישעיה מילער האָט דאָס נישט דערלעבט, אַז נישט, וואָלט ער זיך אוודאי אַ מעשה אָנגעטאָן. חדשימווייז האָט מען שוין דאָרטן די „מענטשן״ פּענסיע נישט געצאָלט. מ׳האָט זיי פּשוט אויסגעהונגערט. און אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן.

— און וואָס זאָגסטו צו דער מעשה, הא נאָסקע? פרעגט דער העור אָווסעי. — געגאַנגען אַזאַ גאָלדן געשעפט אין דער ערד אריין.

דאָסמאָל ענטפערט נישט רב נאָסקע אויפן קול. ער גייט אַפּער פון אונטערן טיש, גיט זיך אַ שאר צו צו אָווסעיען און רוימט אים איין אויפן אויער:

— דאָס אַלע, זאָלסטו וויסן, איז געקומען פון צאָלן פּראָצענט. פאָלג מיך. טרייב ארויס אַלע „בהמות״ ווי די כּלבים, אַז נישט, קאָן דאָ חס־וחלילה אויך ווערן אַזאַ מעשה. וואָס אַרט דיך. איך קוק אין די ביכער און זע, וואָס ס׳טוט זיך. קוק דו אויך אריין. ס׳קאָן אַזוי נישט אויסהאַלטן. פאָלג מיך.

— איי, לאָז מיך שוין אָפּ מיט דיינע באָבע־מעשות! — טוט זיך דער העור אָווסעי אַ ריס פון אים. — און אַז מ׳צאָלט פּראָצענט, איז וואָס? שערעשעווסקי צאָלט אויך פּראָצענט און ראָטשילד צאָלט אויך פּראָצענט, נו באַנקראָטירן זיי?

פון דעם ענטפער האָט רב נאָסקען אַזש אָנגעכאַפּט דער מיהוש אין דער זייט.

41

שוין עטלעכע טעג ווי רב נאָסקע האָט זיך גענומען שאַנעווען בערלען און געהאַלטן אין איין איבערחזרן:

— רב בערל, פאָלגט מיך, אָט די אַרבעט לאָזט איבער פאַרן סאַבאַטשעווער. איז דאָס דען פאַר אייערע כּוחות?

בערל אַליין האָט אָבער די אַלע ווערטער פאַרנומען מיט גרויס פאַרדאַכט. דאָס איז ער, דער זעלביקער רב נאָסקע, וואָס פלעגט אין דער שטילשטענדיק הנאה האָבן צו קוקן, ווי בערל מאַטערט זיך און רייסט זיך אָפּ דאָס לייב און לעבן? עפּעס גלייבט זיך נישט בערלען. און אפשר?

— האָט בערל ציטנדיק געטראַכט — אפשר? פּאָרט א יידישער מענטש, רב נאָסקע, און עלטערער ייד. אפשר האָט אים דאָס יידישע האַרץ א ריר געטאָן, זעענדיק ווי דער לעצטער שוואַכער וויכטער האָט בערלען אינגאַנצן צענומען, אים געמאַכט ציטערן יעדן אבר און איבערגעלאָזט באַמבלען אין זיין צרה׳ וואַטן קערפּער א שטיקנדיקן הוסט. אפשר...

גאָר גיך האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז בערלען האָט זיין פאַרדאַכט נישט גענאַרט. זעענדיק, אַז בערל פאָלגט נישט און קלאַמערט זיך מיט אַלע זיינע כוחות צו דער אַרבעט און לאָזט זיך מיט גוטן נישט פאַרבייטן מיט דעם יונגן סאָכאַטשעווער. האָט רב נאָסקע איינמאָל א זאָג געטאָן צו אים, אָבער שוין א סך שטרענגער ווי פריער:

— מיט געוואַלט גייט איר, רב בערל! אַז מ׳זאָגט אייך נישט טאָן, פאָלגט מען!

פאַרוואָס נישט טאָן? — האָט בערל אינגאַנצן א זיך־טרייסלענדיקער געפרעגט שוואַך. — ביז איצט האָב איך גוט געטאָן, און היינט טו איך שלעכט? איך וועל דאָך נישט נעמען זשאַלעוואַניע פאַר נישט טאָן.

— אַז מ׳הייסט אייך, דאַרפט איר פאָלגן.

— אָבער איך וויל וויסן פאַרוואָס?

— זענט איר שוין א חוצפהניק אויך? — איז שוין רב נאָסקע אַריין אין כעס.

— מילא. חוצפה ווייסט שוין די וועלט, ווער עס האָט — און בערל האָט זיך אָנגעבויגן, כדי זיך ווידער נעמען צו דער אַרבעט.

דאָ איז שוין רב נאָסקע אַפער פון אונטערן טיש א צעררייצטער, בלייך פון כעס און מיט אַן אויסגעשפּיצטער נאָז:

— מ׳זאָגט אייך, איר זאָלט נישט טאָן, איר הערט! אַזא אַלטער פערד!

אין קאַנטאָר האָט מען שוין געוווּסט, אַז בערל מיט רב נאָסקען קריגן זיך. און נאָך איידער בערל האָט באַוויזן צו ענטפערן, איז אַריינגעלאָפן אין קראָם דאָס שיקיינגל מיט א באַפעל:

— רב בערל! גיכער! דער הער אָווסיעי רופט אייך!

תחילת איז בערל געוואָרן נאָכמער דערשראָקן און צעטומלט. עפּעס האָט ער שוין פאַרגעפילט. ער האָט אָבער אָנגעשטרענגט אַלע כוחות, כדי זיך צו באַרויקן. און אָפּשטויבנדיק דאָס היטל און אויבער־בגד, איז ער אַריין צום הער אָווסיעי:

— די מעשה, רב בערל, איז אַזוי — האָט אים דער הער אָווסיעי ס׳ערשטע מאָל אַליין אַריינגעפירט אין זיין קאַבינעט און גערעדט מיט

אים אויג אויף אויג — אייך דארף נישט ארן, וואס נאַסקע רעדט. איר ווייסט דאָך, אז ער איז א גאָרנישט, א בהמה. אָבער איר פארשטייט, רב בערל, פאר אייער געזונט־וועגן. איר זעט דאָך שוין נישט קיין יינגעלע. איר זעט דאָך, אלע „מענטשן" פאָרן זיך אויף „אורלויב". איר זענט קיינמאָל נישט געפאָרן, קומט אייך מאקע. איר פארשטייט? א פורל האַלץ האָט איר מסתמא אין שטוב, א קאָזע, דאכט זיך, האָט איר אויך, זאָלט איר מאקע זען צו טרינקען א סך קאָזע־מילך, איר הערט? ס'וועט אייך קרעפטיקן. מאַ פאָרט־זשע מאקע נאָך היינט אהיים, צום ווייב און קינדער, און רוט זיך אויס און ווערט געזונט. אָט נאט אייך געלט און פאָרט געזונט. דער עיקר — קאָזע־מילך.

און נישט לאַנגדיק בערלען צומאָל ענטפערן א וואָרט, האָט ער אים ארויסגעפירט פון קאבינעט און פארמאכט די טיר.

42

און ווי נאָר בערל פיקמער האָט מיט א געפאלן געמיט זיך פרום געזעגנט און אוועקגעפאָרן אהיים, האָט זיך רב נאָסקע אוועקגעזעצט ביים שרייב־טיש און געדיקטעוועט א בריוול צו בערלען. אין דעם בריוול טוט מען בערלען צו וויסן, אז ער מעג מאקע איבגאנצן זיצן אינדערהיים.

קיין שום עוולה אין לעבן האָט בערלען נישט ארייגעבראכט אין אזא צאָרן, ווי אָט־אָ דאָס בריוועלע, און וועלכן די פירמע ווינטשט אים נאָך צום סוף, אז „ער זאָל נאָך האָבן לאנגע, גוטע און געזונטע יאָרן". פאר בערלס אויגן האָבן זיך א שטעל געטאָן זיינע קארגע דרייסיק יאָר ארבעט פאר דער פירמע, וועלכע גיט אים איצט אזא „באלוינונג". ערשט איצט האָט בערל מיטאמאָל דערזען, אז אויף שלעכטס טאָן אן ארך־בעמס־מענטש זיינען אלע באַלעבאטים גלייך. רב נאָסקעס פרומקייט, אָור סעיס גוטסקייט, מנשה'קעס צוגעלאָזנקייט און אַפילו הערמאנס דרך־ארצדיקע באציונג צו אים — דאָס אַלץ האָט געגילט אזוי לאנג, ווי לאנג ער, בערל, האָט געקאָנט האָרעווען ווי א גוט פערדל און טאָן פאר דריי. היינט אָבער, ווען אין בערלס קערפער האָט גענומען ארומלויפן א וויטיק־לעכע ציטערניש, ווען די כוחות האָבן אים אויפגעהערט צו דינען און ער וואָלט באדארפט אביסל קומען צו זיך, באגלייט אים אָט אזא מין בריוועלע „אז ער מעג שוין איבגאנצן זיצן אינדערהיים".

נאָך נישט האָבנדיק זיך רעכט איבערגעשלאָפֿן אין דער היים, צעזאָטן פֿון כּעס, האָט בערל א נעם געטאָן די נאָך נישט אויפֿגעפּאַקטע וואַליזקע און געפֿאָרן צוריק.

אויפֿגערעגטער כּוח האָט געהעצט בערלס אַלע אבֿרים. ווי געטריבן פֿון ווינט, איז ער אַריין אין כּעס און, נישט זאָגנדיק אַפֿילו קיין „גוט מאָרגן", א היציקן קוק געטאָן אויף רב נאָסקען. די וואַליזקע האָט ער אַוועקגעשטעלט אויף אַן אָנזעעוודיק אָרט, ווי ער וואָלט דערמיט ווילן זאָגן, אַז פֿונדאַנען לאָזט ער זיך נישט רירן.

רב נאָסקע האָט זיך תּחילת דערשראָקן פֿאַר אים, באַלד אָבער האָט ער גענומען שמייכלען אין באָרד אַריין און כּסדר געחוזקט:

— אָט אַן אַלטער פֿערד! פּרוּווט זיך מאַכן משוגע...

— טייל אָנגעשטעלטע אַפֿילו האָבן געקוקט אויף בערלען מיט פֿאַרדאַכט. דערוויסנדיק זיך אָבער וועגן דער מעשׂה מיטן „בריוול", האָבן זיי זיך אין דער שטיל פֿאַרגעוואָרפֿן, אַז דאָס איז זייער אייגענע שולד פֿאַר נישט האַלטן זיך צוזאַמען, פֿאַר קוקן נאָר פֿאַר זיך און פֿאַר חנפֿענען די באַלעבאַטים. וואָרן סוף־כּל־סוף וואָרט דאָך אַזאַ מין מעשׂה אויך אויף זיי.

בערל האָט שוין דערווײַל געהאַט פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן דעם אויבער־מאַנטל און מיט אויסערגעוויינלעכן קוראַזש זיך גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט איבעראַניים אויסגעקערט, דאָ עפּעס גלייך געמאַכט, דאָרט עפּעס גלייכגעשטעלט און דערנאָך גענומען פּאַקן אין קאַסטנס די הויפּנס סחורה, וואָס זײַנען געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע.

מ׳האָט אָבער געזען, אַז די אָנשטרענגונג איז צו גוואַלדיק, אַז בערל זאָל קאָנען איבער איר לאַנג געוועלטיקן. זאָגן איצט בערלען, אַז ער זאָל אָפּלאָזן און זיך נישט מאַטערן — וואָלט ער זיך אָדער יענעם אָנגעטאָן אַ מעשׂה. האָט ער אַזוי לאַנג געאַרבעט ביז ער האָט זיך פּלוצלינג אַ וואַקל געטאָן; אַ וואַקל געטאָן אַזוי, אַז די פֿיס האָבן זיך אים איינגעבראָכן, און דער איבעריקער קערפּער האָט זיך אַ ווײַלע געהוידעט ווי אינדערלופֿטן. אויף אַזעלכע מעשׂות קוקן האָט רב נאָסקע אַ צו שוואַך האַרץ. האָט ער זיך אָפּגעקערט אין אַ זײַט און אַ געשריי געטאָן:

— עולם, האַלט אים! ער פֿאַלט דאָך!

דער עולם האָט בערלען אַ כאַפּ געטאָן אויף די הענט און אַרויפֿגעטראָגן אין זײַן „סטאַנציע". און אַז בערל איז געקומען צו זיך, האָט

ער שוין אליין געבעטן, אז ער וויל אהיימפארן. ווייל סיריווי פילט ער, אז לאנג וועט ער שוין נישט אנטרייבן, און ער וויל כאטש שטארבן אויף זיין אייגן בעט.

43

און אט האט „פלוצלינג" עפעס א זעץ געטאן אין דער גרויסער קראם. מיטאמאל האט די „גאס", וועלכע דערשמעקט אלץ פאריים, גענומען ריידן, אז אין דער „פירמע פלינט" האט זיך עפעס פארהאטשעט און איז קאליע געווארן. אין דער גאנצער בראנזשע האט גענומען ארומ־לויפן דאס ווארט „באנקראט". די שווארצע זיידענע יידן, די „בהמות", וועלכע פלעגן יעדן טאג זיך לאזן מעלקן מיט געלט, זיינען ראפטום אויס־געדרונגען געווארן. פון אלע זייטן האבן זיך גענומען שיטן פראטעסטירטע וועקסלען. און יעדער פראטעסטירטער וועקסל ביי א קרעדיטאר אין האנט איז אקוראט, ווי אן אנגעלאדענער רעוואלווער, גרייט צו שיסן. דער הער אוועסיי איז גאנצע טעג געשטאנען ביי דער טיר פון קאנטאר, די האנט אריינגעשטעקט אין דער קעשענע מיט געלט און פאר יעדן וועקסל געצאלט. געצאלט און כלומרשט געשמייכלט און זיך אליין געטרייסט, אז ער האט שוין איבערגעלעבט ערגערע צייטן. צוזאמען מיטן פראקור־רענט פליג און מיט די בוכהאלטארן האט ער געזוכט און גענישטערט אין די ביכער, געיאגט די וואיאזשארן, זיי זאלן פארן און איינקאסירן די חובות און ברענגען געלט. וואס מער געלט. די פראטעסטירטע וועקס־לען האבן זיך אבער מיט יעדן טאג געמערט. כדי זיי אויסצוקויפן, האט דער הער אוועסיי געבארגט פרישע געלטער, געלייזט אין קרן, אבי געלט, וואס מער געלט, און בלייבן שטיין אויף די פיס.

אין דעם גרויסן געשעפט האט מיטאמאל גענומען ארומגיין א בייזע צערייצטקייט. איינער אויפן אנדערן איז געווארן אין כעס. עפעס האט איינער אין אנדערן פלוצלינג דערזען א שטערונג פאר זיך. רב נאסקע האט ביי יעדער געלעגנהייט א שטאך געטאן אוועסייען: „א, אבער איך האב געזאגט. איך האב געווארנט". רב מנשה'קע איז ארומגעגאנגען ווי אן א קאפ, זיך דערמאנענדיק, אז ער האט נאך חתונה צו מאכן עטד־לעכע טעכטער און אז אחוץ, וואס ער האט אין געשעפט, פארמאגט ער נישט קיין איין גראשן. הערמאן איז אויך ארומגעלאפן שאפן געלט, גע־

זוכט עצות, בעת־מעשה געדלאָבעט די נאָז און באַדויערט, וואָס די „מעשה" איז נישט געשען א סך פריער, דאָס הייסט נאָך איידער ער האָט גענומען און זיך פאַרדרייט א קאָפּ מיט א ווייב, טאָקע א וואויש־נע יחוסנטע, אָבער אָן איין גראָשן נדן.

## 44

— הא, פאניע פליג? וואָס זאָגט איר צו דער מגפה? ווי לאנג איז דער שיעור צו צאָלן? הא? איר האָט עפּעס אַן עצה צו דעם?

— ס'איז דאָ אַן עצה — האָט זיך פליג א הויב געטאָן פון שרייב־טיש און, ווי זיין טבע, גענומען רייבן א האנט אין א האנט.

— לאָמיר הערן — האָט זיך דער הער אָווסעי אומגעדולדיק גע־רוקט פון אומגעהאמעוועטן כעס.

— א גראָבן פינגער האָט איר דאָך?

—נו?

— טאָ ווייזט זיי א פיג.

— וואָ־אָ־ס? — האָט זיך דער הער אָווסעי כלומרשט געוווּנדערט און אין דער זעלבער צייט געווען איבערראַשט, וואָס פליג האָט געטראָפן זיינע געדאנקען. — הא פאניע פליג! איר מיינט עס מיט אן אמת? אָט אזוי פשוט נעמען און נישט צאָלן, ס'הייסט א באנקראָטשיק מיט אלעמען גלייך?

— נו, דאָס ווענדט זיך שוין, ווי אזוי מ'מאכט דאָס — האָט פליג א צופרידענער ווייטער געריבן א האנט אין א האנט. — איר ווייסט דאָך די מעשה מיט מיין פעטער, וועלכער פלעגט אָנזעצן, כדי צו ווייזן, אז ער איז אן אָרנטלעכער מענטש. אייגנטלעך, פלעגט ער טענהן, דאַרף ער דאָך נישט געבן קיין איין קאָפּיקע, נישט מער, אזוי ווי ער איז אן אָרנטלעכער מענטש גיט ער עפּעס.

— איי, לאָזט מיך איצט אָפּ מיט אייערע מעשׂות — איז דער הער אָווסעי געוואָרן אַלץ מער אומגעדולדיק — דער שפּיץ איז, אז מ'דאַרף זיך מיישב זיין און מ'דאַרף גוט אריינקוקן אין די ביכער. ס'איז נישט קיין געלעכטער, פאניע פליג. איך וויל, אז איר זאָלט אויך זיין היינט אויף דער באראטונג.

ס'ערשטע כפרה־הינדל זיינען די „מענטשן". פענסיע האט מען שוין הייַנטיקע וואך נישט געגעבן. דער תירוץ איז געווען, אז די אנדערע וואך וועט מען שוין אויסצאלן אלץ.

די אנדערע וואך אבער האט דער הער אָווסעי געזאגט, אז ערשט איצט האט ער דערזען, וואסערע גראבע באשעפעניש און מעראזאוועס זיינען „מענטשן" זיינען. זיי זענען, זאגט ער, ווי דאס געשעפט ראנגלט זיך מיט אלע כוחות, כדי צו בלייבן שטיין אויף די פיס, און זיי ליגט אין זינען אזעלכע נארישקייטן ווי פענסיע. זיי ווילן שוין, זאגט ער, זיין גליקלעך, אז זיי ווילן פון אים ארויסרייסן נאך געלט.

אויך רב נאסקע איז אין כעס אויף דער סוממאטאכע מיט דער פענסיע. וואס, זאגט ער, ער נעמט אויך נישט קיין פענסיע און קומט פונדעסטוועגן, גאט צו דאנקען, אדורך. און אז מע נעמט דערהווייל, מאכט ער, צו ביסלעך, קאנטעס, איז שלעכט? אבי דערווייל אדורכצושטופן די שלעכטע צייט.

רב מנשה'קע, וועלכער וויל שטענדיק און אומעטום גילטן פאר דעם גוטן, זאגט, אז מ'האלט „מענטשן", מוז מען זיי צאלן. נישט מער, ער אליין מישט זיך נישט אין דעם, און קאנטשענא!

די „מענטשן" אבער נעמען זיך קנאפ איבער מיט הער אָווסעיס ביי־זע מינעס, רב נאסקעס מוסר און זיי מאנען כסדר פענסיע. אן אויסנאם נאר איז דער פראקורענט פליג, וועלכער מאנט נישט, ווייל ער האט שוין גענומען פאר א חודש פארויס. און כדי עס זאל דעם באלעבאס גוט אריין אין אויער, נעמט ער נאך יעדעס מאל רעדן אויפן קול:

— וואס טויג מיר, פאנאווייע, די טענות? איך אליין נעם שוין אויך א פאר וואכן נישט קיין געלט. ס'האט זיך געמאכט שלעכט, דארף מען צו־העלפן דעם געשעפט. צווייטנס, ווען ס'געפעלט נישט, דער קאן זיך גיין געזונטערהייט. מיר געפעלט — ארבעט איך!

— איר פארדינט פינף מאל אזויפיל, ווי איך, קאנט איר שפארן — רופט זיך אן דער עלטערער פאקער — און ביי די גליקן אפילו פעלט מיר אויך א טאג צו דער וואך.

— וואס טויגן די אלע מעשות? — ווענדט שוין איצט דער הער פליג זיין קרעפטיקע שטים מער צו הער אָווסעיס קאבינעט ווי צו די „מענטשן".
— קיין געלט, פאנאווייע, איז היינט נישטא!

ביי יעדן טוט עפעס אינעווייניק א ציטער. אלע קוקן זיך אן מיט צעמישטע בליקן. אפגעארבעט א וואך, ווי די אייזלען, און קיין גראשן

געלט נישט באַקומען. ווי אַזוי קומט מען גאָר אַהיים אין שטוב? אינ־ספּעקטאָרן רוקן זיך אַלע געדיכט צונויף און שושקען זיך, אַז קיינער גייט נישט אַוועק, אַלע וואַרטן, ביז דער הער אָווסעי וועט אַרויס פֿון קאַבי־נעט און זאָל מען הערן וואָס ער אַליין זאָגט. אויך די בוכהאַלטאָרן און אַפֿילו די קאַסירשע בלייבן וואַרטן, כּדי צו זען ווי אַזוי די „סצענע" וועט זיך ענדיקן. זיי פֿאַלט גאָרנישט איין צו פֿאָדערן געהאַלט. אויף דערויף האַלטן זיי זיך פֿאַר צו פֿיין און איידל־דערצויגענע. איי, דער באַלעבאָס צאָלט זיי אויך נישט? פֿאַרענטפֿערט אים טאַקע די קאַסירשע, אַז ס'איז גאָר קיין וווּנדער נישט, ווען אַ מענטש האָט אַזאַ פֿאַרדרייטן קאָפּ מיט חובֿות.

נאָך לאַנגער וואַרטעניש איז דער הער אָווסעי ענדלעך אַרויסגעקומען פֿון קאַבינעט. ער האָט אוודאי געמיינט, אַז די „סיטואַציעס" זיינען שוין אַוועק. דערזעענדיק אָבער אין איין קופּע דעם עולם „געלט־פֿאָדערס", איז ער אַ ווײַלע געבליבן שטיין ווי צעדריקגעזעצט און פֿאַרוווּנדערלעך גע־קוקט צום הער פֿליג, וועלכער האָט אַזוי שלימזלדיק דערליידיקט דעם ענין.

— נו, מילא — האָט דער הער אָווסעי גענומען פֿאַרלעגן שמייכלען — - איר האָט זיי אויסגעצאָלט?

— גלייבט מיר —— ענטפֿערט פֿליג — אַז קודם־כּל וואָלט איך מיר אַליין גענומען. וואָס? איך בין נישט אַזאַ וויכטיקער „מענטש", ווי הערשל?

— נו וואָס טוט מען, פּאַנאָוויע? — האָט דער הער אָווסעי גענומען פֿירן מיט אַ האַנט איבערן פּנים און ווי גערעדט צו זיך. — אַז איך האָב פֿאָרט קיין געלט נישט. איר ווייסט דאָך, ווי דאָס געשעפֿט ליידט צוליב די באַנקראָטן פֿון אונדזערע אַלע קונים.

— איך מוז האָבן געלט — האָבן עטלעכע שטימען געענטפֿערט אויף אַמאָל.

— פּאַניע פֿלינט — רופֿט זיך אָן דער פֿאַליעסער מיט דער שיינער נאָז — וואָס דערציילט איר אונדז וועגן שלעכטע געשעפֿטן און גוטע גע־שעפֿטן? און ווען דאָס געשעפֿט איז געגאַנגען גלענצנדיק האָט איר דאָך אויך געקלאָגט ביים געבן פּענסיע. איך גיי נישט אַוועק, אויב איך באַקום נישט קיין געלט, מיין פֿאַמיליע קאָן איך אַזעלכע מעשׂות נישט דערציילן.

— נו, מילא — ענטפֿערט דער הער אָווסעי רויק, נאָר אין זיינע אויגן קלויבט זיך שוועבל — אויב עס געפֿעלט אייך נישט, אַרבעט נישט.

— ביטע זייער — גיט זיך דער פּאָליעסער אַ רוק פאָרויס — דערלייזיקט מיר, וואָס מיר קומט, און מיר זייַנען אויס מחותּנים.

— אלזאָ, פּאַניע, איר קאָנט שוין מאָרגן נישט קומען צו דער אַרבעט, — נעמט שוין דער הער אָווסיאַני רעדן מיט אַ בייזן שפּריץ.

— גוט, אַלע, אויב איר ווילט באַצאָלן, וואָס מיר קומט.

— יאָ! מאָרגן קריגט איר באַצאָלט און שלום! מער וויל איך מיט אייך נישט טאָן האָבן! איך האָב פּיינט פּראָסטע נישט־קולטורעלע מענטשן!

— פּאַניע פּליגט! — גיט זיך ראַפּטום פּליג אַ רוק אַריין אינדערמיט — גלויבט מיר, אַז ס׳לוינט זיך נישט אויפצורעגן. אַ שאָד די נערוון.

— דאָס איז געווען אַ חוצפּה! — קאָן זיך דער הער אָווסיאַני נאָך אַלץ נישט באַרויקן. — און באַלד דערנאָך ווענדט ער זיך צו אַלע איבעריקע:
— פּאַנאָוויע! איך האָב אַ הונדערטער. קאָן איך אים צעווישן אייך צעטיילן. פּאַרפּאַלן. אַלע מוזן מיטליידן. און ווענען עס געפעלט נישט, דער קאָן טאָן פּונקט אַזוי ווי דער פּאָליעסער.

— אָבער צו די גוטע צייטן האָט איר אונדז נישט געמאַכט פאַר קיין שותּפים — ענטפערט דער פּאָליעסער מיט אַ טרוקן קול, ציטערנדיק פון אויפרעגונג.

— מיט אייך וויל איך איבערהויפּט נישט רעדן! איר קאָנט שוין גיין! און ער האָט ווידער זיך געוואָנדן צו די איבעריקע: — אלזאָ ווילט איר צו עטלעכע גילדן?

— מילא — האָט אַ קרעכץ געטאָן איינער, באַלד אַ צווייטער און אַ דריטער.

— נו, גייט, גייט, — האָט זיי דער הער אָווסיאַני נאָכגערעדט ביים אַרויסגיין פון קאַנטאָר — פּאַרפּאַלן. אַז ס׳וועט מאָרגן זיין געלט, וועל איך אייך געבן.

און אַז ער איז שוין געבליבן אַליין מיטן הער פּליג, האָט ער זיך צעשמייכלט:

— נו, פּליג, איר האָט געזען, ווי אַזוי איך האָב דאָס געמאַכט? אָבער איר האָט געזען, ווי אַזוי מע ווערט פּטור פון אַ סוואָלאָטש? איר האָפּט וויסן, אַז דאָס איז אַ געפערלעכער מענטש. ער האָט מיר צעבונטעוועט ס׳גאַנצע פּערסאָנאַל.

— דאָס האָב איך דאָך אייך שוין לאַנג געזאָגט.

אָפּגערעדט פון פריער, האָט זיך דער עולם געטראָפן אויף דער גאַס. אָבער די „מעשה“ מיטן פּאָליעסער האָט ביי יעדן אָפּגעשלאָגן דעם מוט.

יעדער האָט אויסגעזוכט עפּעס א תירוץ, כדי וואָס גיכער אוועקצוגיין, און צומאָל נישט געוואָלט רעדן וועגן דער אייגענער לאַגע. יעדער האָט זיך געטראַכט: גלייכער נישט אייכרייסן, איבערוואַרטן ס'שטיקל שלעכטע צייט, און ס'וועט ווידער ווערן ווי פריער.

דער פּאָליעסער אָבער האָט געוואָרנט:

— געדענקט, חברים! איר קענט אים גאָרנישט. קנאָפּ געלט האָט ער איצט? אזויפיל מכהלעך אים. פריער האָט ער געזאָגט, אז ער האָט נישט קיין געלט, און באַלד איז ביי אים געבוירן געוואָרן א הונדערטער! ער האָט זיך געפרוווט, און ס'איז אים געלונגען, ווייל איר האָט אים צוגעהאָלפן מיט אייער שווייגן און אונטערטעניקייט. אלעמען וואָלט ער נישט אָפּגע־זאָגט! און אזוי וועט ער אָפּזאָגן ווי איצטער מיך, יעדן פון אייך, וואָס וועט זיך נישט לאָזן אויסנוצן. איר וועט זען אביסל שפּעטער.

קיינער האָט זיך אָבער נישט פאַרטראַכט איבער זיינע רייד. יעדער איז אוועק גליקלעך און צופרידן, וואָס ער געפינט זיך נישט אויפן פּאָליע־סערס אָרט.

46

אומגעריכט האָבן מיר באַקומען נייע „באַלעבאַטים": צוויי אַדוואָ־קאַטן מיט פיינע לייכטע מעקעס אונטערן אָרעם און איין ריכטער — א שיינער, אייגעלער גראָער מענטש, וועלכער איז אָרום און אָרום אויסגעפילט און ווייך ווי א קישן און האָט זיך אזוי ליב, אז ביים רעדן פאַרגינט ער זיך קוים־קוים צו עפענען די ליפּן.

געשען איז דאָס אלץ אָט ווי אזוי: די „פירמע פלינט" האָט זיך אזוי לאַנג מיישב געווען וואָס צו טאָן, ביז זיי האָבן אויסגעפונען, אז די גלייכס־טע זאַך וועט זיין מאַכן אזוי, ווי עס טוען אלע אָרנטלעכע און סאָלידע פירמעס אין אזא פאַל, ס'הייסט — ווענדן זיך צום געריכט נאָך אן „אויפ־זיכט" אויף א געוויסער צייט, ביז דאָס געשעפט וועט אביסל אַרויסקריכן פון די צרות. קיין באַנקראָט איז דאָס נישט. די קרעדיטאָרן אָבער ווייזט מען א „פייג", און זיי מאָרן אפילו נישט מאָנען.

הב נאָסקע איז שטאַרק צופרידן פון דעם אייגפאַל. ס'האָט נאָר, זאָגט ער, איין חסרון, וואָס דעם „אויפזיכט" קאָן מען לענגער ווי ניין חדשים

נישט ציען. דער גרעסטער פארגעניגן איז ביי אים, ווען עס קומט א קרעדיטאר מיט א פראטעסטירטן וועקסל, און ער, רב מנשה'קע, גיט אים דאפּמום א באוויז א פאפיר, אז גאנצע ניין חדשים האט ער אים מיטן פראטעסטירטן וועקסל „ערגעץ־אנדערש".

רב מנשה'קע האלט קנאפ פון דעם אויפטו. ס'איז, זאגט ער, פארשטונקענע פיש געגעסן, און פון שטאט ארויסגעטריבן. ס'הייסט, אי די אדוואקאטן וועלן איינשלינגען און אוצר מיט געלט און סיי ווי בלייבט מען שוין פארפאטשקעט. דעריבער, טענהט רב מנשה'קע, וואלט דאס גלייכסטע געווען, ווען מע פאלגט אים: אפקאנטשען מיט די קרעדיטארן באלד לכתחילה אויף וויפל עס לאזט זיך, אט אזוי ווי ער אליין האט מאקע געטאן מיט כמה יארן צוריק, ווען ער האט אליין געהאט ערגעץ אין א שטעטל א קראם און לסוף אנגעזעצט.

דער הער אוסעי האט זיך גאר מיישב געווען און איז פלוצלינג „קראנק" געווארן. ס'איז אפילו אזא „קרענק", וואס מ'דארף נישט צו איר קיין דאקטער. נאר פון שטוב גייט ער דערווייל נישט ארויס. מבינים זאגן אבער, אז פון דער „קרענק" קומט מען גיך ארויס. עס דארף נאר אריבערגיין די ערשטע עטלעכע טעג ביז אלע קרעדיטארן ווערן געוואר.

און אזוי איז מאקע געווען. אפגעזעסן א וואך צייט אין שטוב, איז דער הער אוסעי צוריק אראפּגעקומען אין קראם, ווי קיינמאל גארנישט, און גערעדט, און געגעבן צו פארשטיין די קרעדיטארן, אז ס'האט אנדערש נישט געקאנט זיין, אז נישט, וואלט אים גאר אויסגעקומען צו גיין איבער די הייזער.

— אז די אלע קונים אונדזערע האבן אונדז צעראבירט — האט ער צעוואָרפן די הענט. — קיין איינער צאלט אונדז נישט. ווער ס'האט געהאט א האנט און א פיס, האט געשלעפט פון אונדזערע פאליצעס.

— אבער מיט מיר, פאניע פלינט, וועט איר דאך געווים ארנטליך הערלייידיקן — וויל דערווייל יעדערער ארויסבאקומען ביי אים א הבטחהלע.

— לאמיר נאר האלטן דערביי — ענטפערט דער הער אוסעי גאר האפערדיק — דערווייל ווייסט איר דאך, האב איך דא גארנישט צו זאגן. אלץ זיי, די „באלעבאטים" מיינע — ווייזט ער אן אויפן קאבינעט, וו עס אמטירן די אדוואקאטן, און איז בעת־מעשה שטארק צופרידן, וואס דערמיט אליין פארמאכט ער דאס מויל ביי אלע קרעדיטארן.

47

די ערשטע אַרבעט פון די נייע „באַלעבאַטים" איז געווען, שיקן אַלע אָנגעשטעלטע רעדוקציע־בריוו, דאָס הייסט, אַז אין דריי חדשים אַרום איז יעדער איינער אָפּגעזאָגט פון פּאָסטן. אויב ביי יעדן אין קעשענע איז דער בריוו געווען אַ שווער־דריקנדיקע לאַסט, האָט זיך דער פּראָקורענט פליג אַרומגעטראָגן מיט דעם בריוו, ווי מיט אַן אָקאָרשט געכאַפּטן וויץ. ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער אַ טשעפּע געטאָן הערשלען:

— נאַ, זעסט, הערשל, כ'בין דער זעלבער יחסן, ווי דו.

ביינאַכט אָבער איז דער הער פליג צוזאַמען מיט די באַלעבאַטים און אַדוואָקאַטן געזעסן ביי אַ פיין־סערווירטן טיש און ווייטער געדרייט דאָס רעדל. אַן אַדוואָקאַט איז טאַקע אַ מענטש, וואָס מוז וויסן גענוי דעם קאָדעקס. ער מוז אָבער אויך וויסן, וואָס עס וויל פון אים אַ באַלעבאָס, וועלכער קאָן שטעלן אַזעלכע רייכע וועטשעריעס און קאָן אויך צושיקן אַהיים נישט קיין געוויינלעכע מתנהלעך.

ביי איינער אַזאַ וועטשעריע איז אויך געבוירן געוואָרן דאָס נייעס, אַז פון היינט אָן באַקומען די „מענטשן" אויסגעצאָלט מיט וועקסלען. אַחוץ, פאַרשטייט זיך, דער הער פליג, וועלכער האַלט די הויפּט־קאַסע און דאַרף נישט אָנקומען נאָך פּענסיע צום באַלעבאָס.

ביים הער אָווסעי איז דער חשבון אַ פּשוטער. איינשפּאָרן כל־וכל. זינט ער האָט זיך „געשטעלט", האָבן די בענק אויפגעהערט אָננעמען זיינע וועקסלען. דאַרף ער אָנקומען צו פּריוואַטע דיסקאָנטערן, וועלן אויסגעריסן מיט פּראָצענט, כדי צו מאַכן די „מענטשן" זיינע באַקוועם? שלאָגן זיי זיך קאָפּ אין וואַנט.

זאָלן זיי אַליין זיך זוכן צו דיסקאָנטירן די וועקסלען.

דער איינציקער, וואָס איז העכסט־צופרידן פון דעם נייעס איז שליוורניק. באַלד נאָכן אַרויסגיין פון קאַנטאָר, אין טויער, צאָלט ער אַלעמען אויס געלט פאַר די וועקסלען, אַראָפּרעכענענדיק פאַר זיך אַ גאַנץ היפּשן פּראָצענט. ביי אים איז רעכט צו געבן געלט פאַרויס, אַבי צו זיין זיכער, אַז דער וועקסל וועט שוין אויף „פּעווגע" אַריינפאַלן צו אים אין האַנט.

48

דערווייל באַקומט מען גענוי יעדע דריי חדשים אַ פרישן זבענק אין האַרץ אַריין — אַ נייעם רעדוקציע־בריוו.

מוראהאָבנדיק, אַז דער „עולם” זאָל דערווייל נישט ווערן „צעלאָזט” און נישט זיין פֿויל צו דער אַרבעט, האָט דער העראָוסעי אַליין יעדן איינעם איינגערוימט אַ סוד: אַז די מעשה מיט די „בריוו” איז נישט מער ווי אַ זאַך „פֿאַ פֿאָרמאַ”, וואָס ער אַליין איז געווען קעגן דעם, נאָר נישט מער, די אַדוואָקאַטן מוזן עס טאָן, ווי לאַנג זיי זיצן דאָ.

— איבעריקנס, — האָט ער נאָך שטילער איינגערוימט יעדן איינעם, — וועט מען עטלעכע „מענטשן” סיי־ווי מוזן אָפּזאָגן, נאָר אייך מיינט מען געווים נישט.

אַלע קענען שוין אַפֿילו צוגוט דעם העראָוסעיס „צוזאָגן”. פֿונדעסטוועגן אָבער איז זיין „סוד” געווען ווי געוואָרפֿן אַ שטעקן אין ראָד אַריין.

צום אָפּגעריכטן אָרט, אַהיימגייענדיק פֿון דער אַרבעט, זיינען צוגעקומען געציילטע מענטשן. איינעם האָט „פּלוצלינג” גענומען „ווייטאָן” דער קאָפּ. ביי אַן אַנדערן ריכט זיך דאָס ווייב אַ ליאָדע מינוט אין קימפּעט, דעריבער מוז ער וואָס גיכער אַהיימלויפֿן. אַנדערע האָבן זיך אַרויסגעדרייט מיטן תירוץ, אַז וואָס מ׳וועט באַשליסן האַלטן זיי מיט. דער מאַגאַזינער סטעפּאַן האָט שטאָלץ געענטפֿערט, אַז ער שטאַמט פֿון אַזאַ פֿאַמיליע, וועלכע האָט זיך קיינמאָל נישט פֿאַרנומען מיט אַזעלכע נאַרישקייטן ווי „שטרייקן”. פֿונדעסטוועגן, זאָגט ער, וועט ער נישט שטערן, נאָר צוליגן דערצו זיין האַנט וועט ער אויך נישט. די וואַיאַזשאָרן האָבן אַפֿילו נישט געוואָלט ענטפֿערן. זיי קוועטשט דערווייל גאָרנישט. אַז זיי קאַסירן אײַן אַנטערוועגנס געלט, נעמען זיי זיך אַליין די פּענסיע. די קאַסירשע האָט זיך געטוליעט אין מאַנטל, אומגעדולדיק געקוקט אויפֿן זייגערל און געזאָגט, אַז ס׳איז אַפֿילו נישט כדאַי צו רעדן דערפֿון, ווייל אָט האָט זי ערשט נעכטן גערעדט מיט אָוסעיס ווייב (גייענדיק מיט איר צו דער שניידערין), און זי האָט איר געזאָגט, אַז מ׳וועט קיין איין „מענטש” נישט אָפּזאָגן.

— אַ שאָד, וואָס דער פּאָליעסיער איז היינט נישטאָ — האָט הערשל שטייענדיק אין אַ זייט, אַ זאָג געטאָן ווי פֿאַר זיך.

— אָבער זאָלן מיר כאָטש זיין איינגעשריבן אין פֿאַריין — האָט דער עלטערער פּאַקער געהאַלטן אין איין איבערחזרן.

— אוודאי — האָט צוגעשטימט דער הויכער ראַטאַמער — דערפֿאַר דאַרפֿט איר דאָך געווים נישט מורא האָבן. דערמיט רירט איר דאָך מיט נאָרנישט אָן דעם באַלעבאָס.

דער איבעריקער עולם איז געשטאַנען אין קווענקלעניש, גלייך מ׳וואָלט אים וועלן אַרייננאַרן אין זאַק.

— אינדערעמתן — האָט דער עלטערער פּאַקער ווידער געזאָגט — נו, שטעלט אייך פאָר, איז דען נאָך פאַראַן א מער פּשוטע זאַך. אונדזערע באַלעבאַטים זיינען סוחרים, געהערן זיי צום סוחרים־פאַריין, און ס'איז נאָך ביי זיי א כבוד, און מיר אָנגעשטעלטע שעמען זיך צו געהערן צו א פאַריין פון אָנגעשטעלטע?

— ס'איז נישט דאָס — האָט די קאַסירשע געענטפערט און אין א פאַרלעגנהייט זיך געדרייט אויף אירע הויכע אָפּצאַסן, — איך זע נישט די נוצן, וואָס דער פאַריין וועט אייך געבן. מיט דעם הער אָווסעי קאָן מען אַזוי בעסער אַדורכקומען. און וואָס וועט איר טאָן מיט פליגן און מיט די איבעריקע, וואָס ווילן זיך נישט פאַרשרייבן אין פאַריין?

— אַז מיר אַלע וועלן יאָ זיין אין פאַריין, וועלן זיי מוזן האַנדלען לויט אונדזער ווילן. דעמלט וועלן מיר קאָנען מאַכן א סוף מיט די רעדוקציע־בריוו, מיט די וועקסעלעך. און אַזוי וועט ווערן פאַר אונדז אַלץ ערגער.

— גאָר קאַפּויער, — גיט זיך א שאָקל שליוניקס קאָפּ, — זיי וועלן איצט מאַכן דאָס אמתע קאַפּל מיט געלט. קיין חובֿות צאָלט מען נישט, און מ'לייזט אַקוראַט ווי פריער. איר וועט זען, אַז זיי וועלן נאָך מוזן צונעמען נייע „מענטשן”.

— איז וואָס־זשע בלייבט? — מונטערט ראַטאָמער.

— נו, איר קאָנט זיך דאָך פאַרשרייבן אין פאַריין. עמעציער שטערט אייך?

— ביי צוויי־דריי מענטשן קעגן פופצן קאָן דער פאַריין קנאַפּ וואָס אויפטאָן. עס דאַרף זיין פאַרקערט. דעמלט געווינען מיר אַלץ.

— נו, איך וועל זיך נאָך מיישב זיין — גיט א זאָג די קאַסירשע, ווי זיך אָפּצוטשעפּען, און גייט אַוועק.

— גלייבט מיר, כ'איז א שאָד די עטלעכע גילדן, — גיט שליוניס אינסטינקטיוו א טאַפּ דעם טייסטער מיט געלט און איילט אויך אַוועק.

און אַלץ בלייבט ווייטער ביים אַלטן, ווי געווען.

49

ס'זיינען שוין אַוועק די דריי מאָל דריי חדשים און צוזאַמען מיט זיי די „נייע באַלעבאַטים”, די אַדוואָקאַטן הייסט עס. געבליבן איז אָבער פּונקט ווי פריער: די רעדוקציע־בריוו, וועלכע דער הער אָווסעי שיקט ווייטער, און דאָס צאָלן פּענסיע מיט וועקסעלעך. אויף ביידע זאַכן האָט דער הער אָווי־

סעי א תירוץ. וועגן די „בריוו" זאָגט ער, אַז, ראשית, פירן זיך היינט אַזוי אַלע גרויסע פירמעס, און צווייטנס, זיינען שולדיק אין דעם די צייטונגען, וועלכע האַלטן אין איין שרייבן, אַז דער קריזיס וואַקסט, ווערט שטאַרקער, אַז די וועלט גייט אונטער. איז ווי די מעשה זאָל נישט זיין, וויל קודם, ער, דער הער אָוסעי, זיין באַוואָרנט און נישט דאַרפן האָבן צו טאָן שפּעטער מיט „מענטשן" און מיט „אַנטשעדיקונג". און ערשט וועגן די וועקסעלעך, זאָגט דער הער אָוסעי, האָט ער גאָר געהערט, אַז עטלעכע „מענטשן" זיינען שטאַרק צופרידן פון זיי, פון די וועקסעלעך. און אַזוי ווי די איבעריקע „מענטשן" רעדן אויך גאָרנישט, וויל נישט דער הער אָוסעי צונעמען ביי זיינע „מענטשן" א זאַך, פון וואָס זיי האָבן הנאה...

50

נאָך דער „רעגולאַציע" האָבן א טייל פאַבריקאַנטן גענומען איינהאַלטן דעם קרעדיט, און אין דער גרויסער קראָם, זעט אויס, הייבט עפּעס אָן צו גיין מיט דער פוטער אַראָפּ.

און אין דעם אַלעמען, זאָגט רב נאָסקע, איז שולדיק אָוסעי. ער רוימט איין מנשה'קען איבן אויער און אַלע אַרום הערן פונדעסטוועגן:

— דו ווייסט, אַז מער ווי א העלפט פון אַלע חובות זיינען איגענע, פּריוואַטע. דו געדענקסט, אַקוראַט ווי ער פלעגט טאָן פאַר דער מלחמה. אָבער צאָלן די חובות וועט דאָס געשעפט. באַשר, דו האָסט פיינט צו קוקן אין די ביכער. מיך אָבער קאָן מען נישט אָפּנאַרן.

מנשה'קע, וועלכער געדענקט שטענדיק, אַז ער דאַרף חתונה מאַכן די טעכטער און קיין נדן פאַר זיי האָט ער נאָכנישט, האָט פיינט צו רעדן וועגן נעכטיקע טעג. די מעשה, וואָס רב נאָסקע דערציילט אים, טוט אים א בריי אין סאַמע נאָפּל. און נישט אויפהערנדיק צו חשבונען אין א בוך, וואַרפט ער פון זיך אַרויס צעקאָכטע רייד:

— איצט מוז ער אונדז אַרויפנעמען אויפן קאָנטראַקט צום הויז מיט די שפּייכלערס, אַז נישט וועט מען אַרויס פון דאַנען אָן הויזן. געטאָן דעמלט א ווייסטע נאַרישקייט און אים געגלויבט אויפן וואָרט.

— נאָר איינער — לאַכט אים רב נאָסקע ביטערלעך אין פּנים אַריין — און איין ציגל אפילו? איין ציגל פון הויז וועט ער דיר געבן? אדרבא. פּרוּוו.

— טאַ וואָס זאָל איך טאָן? וואָס? זאָג! — טוט רב מנשה'קע אַ צע־וואָרף בײדע הענט.

— איך ווייס, וואָס דו זאָלסט טאָן?

— און נאָך וואָס דערציילסטו מיר דאָס אַלץ? כדי מיר צונעמען די לעבער מיטן האַרץ?

— וואָס בײזערסטו זיך אויף מיר?

— טאַ זאָג וואָס צו טאָן? נישט גלאַט דערציילן.

— כ'ווייס. רייד מיט אים.

— איך זאָל מיט אים ריידן? רייד דו מיט אים?

— איך זאָל ריידן מיט אים?

געווײנלעך דויערט אַזאַ שמועס אַזוי לאַנג, ביז אין דער קראָם טוט אַ פּאַל אַרײַן דער הער אַוסעי מיט זײַן שטענדיקער פראַגע:

— נאַסקע, מנשה'קע, ס'איז עפּעס אַרײַנגעפלאָסן געלט? כ'דאַרף אַקוראַט נײטיק האָבן.

אפילו ווען ס'איז דאָ געלט, ענטפערן זיי אויך, אַז נישט. זאָל אים זאָגט רב נאַסקע, אויך אַביסל דרייען אין בויך.

51

מע זעט באַשײַנפּערלעך, אַז אין דער גרויסער פירמע ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ ערגער. צו צאָלן איז דאָ איבערן קאָפּ, און דער פּדיון ווערט שוואַכער. אַלע אָוונט, נאָכן פאַרמאַכן די קראָם, זיצן די באַלעבאַטים אין קאַנטאָר און זײַנען זיך מיישב. רב מנשה'קע זאָגט, אַז מ'מוז מיטגיין מיט דער צייט. און אַז מ'קען נישט זײַן גרויס, מוז מען ווערן קליין. מ'דאַרף, זאָגט ער, פאַרקלענערן דאָס געשעפט, אָפּזאָגן די „מענטשן" מיט די גרע־סערע פּענסיעס. און קודם־כל — פליגן. ער אַליין, זאָגט ער, נעמט זיך אונטער איבערצוחזרן יעדן טאָג פליגס ווײַזן פאַר אַ סך ווייניקער, ווי פליג נעמט דערפאַר. און צו אַ לײדיקער קאַסע, זאָגט ער, דאַרף מען קיין קאַ־סירשע אויך נישט.

— זי איז אפילו אַ גאַנץ וווּיל מיידל — פאַרענדיקט רב מנשה'קע — נאָר אַז מע מוז — מוז מען. און קאַנטשעגאָ!

רב נאַסקע, ווידער, טענהט אויך דאָס זעלביקע, נאָר אַביסל אַנדערש.

— אויף כפּרות, — זאָגט ער — דאַרף מען די וואָיאַזשאָרן. זיי האָבן צעטײלט די קראָם פאַר אומזיסט. עס ווערט צוריק אַן עולם־אמת. סחורה

וועט ווערן מיט גאָלד גליך, בפרט, אַז עס קומט נישט צו צו דער פּאָליצע, נאָר עס ווערט ווייניקער, ווייל מ'עסט אויף.

דער הער אָווסעי, וועלכער הערט אויס די אַלע טענות, טוט ראַפּטום אַ קלאַפּ אין טיש:

— איר ווילט פירן אַ קראַם, ווי אין ווישקאָווע? טאָ פירט אייך אָן מיר! איר ווייסט איינס און איך ווייס עפּעס אַנדעריש.

כדי צו בלייבן דער גרויסער וואַרשעווער סוחר און אומעטום שפּילן די זעלביקע ראָלע ווי אַמאָל, האָט דער הער אָווסעי מיט נאָך מער קוראַזש, ווי פריער צעשיקט איבער דער מדינה די וואַיאַזשאָרן און אויך הער־כיאַנען.

— לייזט! לייזט! לייזט אַ סך און שיקט מיר באַלד דעקונג! — האָט ער יעדן איינעם אָנגעזאָגט ביים אוועקפאָרן.

די פּראָווינצער קונים האָבן גערן גענומען די סחורה. זיי האָבן אויך זייער גערן געגעבן וועקסלען, אָבער זעלטן ווער עס האָט די וועקסלען באַ־צאָלט. זיי האָבן געטענהט, אַז אַ העלפט האָט צוגענומען דער פייער, און אַ העלפט האָט מען צוגענומען פאַר שטייערן, און דאָס איבעריקע — איז מען דאָך נאָר אַ לעבעדיקער מענטש. און דער פייער ווידער האָט געטענהט, אַז פאַר זיין פּראַצע האָט ער גאָרנישט, און דאָס ביסל, וואָס ער האָט יאָ, נעמט מען אים צו פאַר שטייערן.

און די שופלעדלעך אין הער אָווסעיס ביוראָ זיינען וואָס אַמאָל געוואָרן פולער מיט פּראָטעסטירטע וועקסלען, און די פּאָליצעס — וואָס אַמאָל ליידיקער.

52

רב נאָסקע מיט אָווסעיען האָבן זיך גוט צעוועדטלט. געשען איז עס ביים „רעגולירן" די חובות. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז יעדער פון די באַלעבאַטים האָט זיך געהאַט זיינע אַ פּאָר חובות, וועלכע ער האָט געוואָלט אָפּצאָלן ביז אַ קאָפּיקע.

פאַר זיינע אייגענע קרעדיטאָרן האָט זיך דער הער אָווסעי טאַקע זייער פיין אויסגעמענטשלט. אַז ס'איז אָבער געקומען צו די „יחסנים" פון זיינע שותפים, איז אים יעדער גראָשן געווען אַ שאָד.

רב נאָסקע איז געשטאַנען און געטענהט צו אָווסעיען:

— הער זיך איין, דעם־אָ מוזטו אוועקגעבן ביז אַ קאָפּיקע.

— פֿאַר וועלכע מעשים־טובֿים קומט עס אים? — טוט דער הער אָוור־בעי אַ בייזן פֿרעג, כּדי אָפּנים צוצונעמען ביי רבֿ נאָסקען דעם חשק אויף ווייטער.

— איך זאָג דיר נאָכאַמאָל: אים מוז מען אָוועקגעבן ביז אַ קאָ־פּיקע — און רבֿ נאָסקעס אויגן הייבן שוין אָן גליען.

— טאָ זעץ דו זיך דאָ אַוועק און צעטייל די קראָם! — טוט דער הער אָוסעי מיט ביידע הענט אַ קלאַפּ אין טיש.

— דו מיין דיר נישט, אַז דאָס איז אַזאַ ווי דער פֿון יענע וואָך. איך האָב אים גאַראַנטירט, און מ'מוז אים אָוועקגעבן אַלץ. אַז נישט, וואָלט ער נישט געליען קיין איין דאָלער.

— ער האָט געבאָרגט אומזיסט?

— אים מוז מען אָוועקגעבן, — עקשנט זיך ווייטער רבֿ נאָסקע.

— פּראָצענט האָט ער גענומען, ווי אַלע אַנדערע? — ווערט שוין דעם הער אָוסיעס פּנים רויט פֿון כּעס.

— און אַז ער האָט גענומען? איך האָב אים גאַראַנטירט. די האָסט דאָך אַליין געהייסן.

— ער איז אַ ליכוויאַזש ווי אַלע אַנדערע!

— און וואָס איז די מעשׂה, וואָס פֿאַר דיינע אייגענע קרעדיטאָרן טוסטו זיך אַזוי אויספּייניקן? — טוט אים שוין רבֿ נאָסקע אַ שטאָך.

— ווער? איך?

— ווער דען? איך?

— פֿאָלג מיך, נאָסקע, און גיי אַריין אין קראָם און מיש דיך נישט אין נישט־דיינע זאַכן — זאָגט דער הער אָוסעי אַביסל מילדער, כּדי אויסצומיידן אַ סקאַנדאַל.

— וואָס? איך האָב שוין גאָר קיין דעה נישט?

— און אַז דו האָסט אַ דעה אויף אַ פּאָר פּראָצענט? דו פֿאַרגעסט אָפּנים, אַז מער ווי אויף צען פּראָצענט דעה האָסטו דאָ נישט.

— ווייל די איבעריקע האָסטו ביי מיר אויסגענאַרט! דו מיינסט, אַז איך האָב שוין פֿאַרגעסן?

— נאָסקע! וואָס פֿאַראַ חוצפּה איז דאָס! — גיט זיך דער הער אָוור־בעי ראַפּטום אַ שטעל אויף.

— מיר וועסטו זאָגן חוצפּה? דו לאַבוז, דו! — און רבֿ נאָסקעס באָרד ווערט שטייף פֿון רוגזה, און זיינע הענט האָבן חשק צו אַרבעטן מעשׂים.

— איך בין אַ לאַבוז? — פֿרעגט איבער דער הער אָוסעי.

— ווער דען? איך? דו סוואָלאָטש, דו!

— איך בין אַ סוואָלאָטש! איך?

— ווער דען? איך? דו ליגנער, דו!

— איך בין אַ ליגנער? — האַלט אַלץ דער הער אָוסעי אין איין איבערפרעגן און איז ווי צעמישט פון רב נאָסקעס פּלוצלינגען אָנפאַל.

— ווער דען איז אַ ליגנער? איך? — ווערט שוין רב נאָסקע הייזעריק פון שרייען. — דו גנב, דו!

— איך בין א גנב? — פרעגט דער הער אָוסעי ווידער איבער, און א שוים קומט אים שוין אַרויס אויף די ליפּן.

— ווער דען? איך? דו מערזאַוויעץ, דו! צען פּראָצענט, וועט ער מיר זאָגן, האָב'ך דעה! צוגעמען ביי יענעם האָט ער געוואָסט! דו! טפו!

ווען נישט פליג מיט די בוכהאַלטאָרן, וועלכע זיינען אריין אין קאַבינעט און אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט רב נאָסקען, וואָלט זיך אוודאי בלוט געגאָסן. נאָר סיי־ווי־סיי, זיינט יענעם שמועס זיינען ביידע ברוגז. דער העך אָוסעי ווייזט זיך זעלטן אין קראָם, און רב נאָסקעס פיס קומט שוין אין קאַנטאָר נישט אריין. און אז עמעצער פון די באַקאַנטע פרעגט רב נאָסקען, צי עס איז טאַקע אמת, אַז אָוסעי איז מיט אים ברוגז, טוט רב נאָסקע א קאָך אויף, און ער ענטפערט מיט בייזער גדלות:

— וואָס האָט ער געזאָגט? ער איז ברוגז מיט מיר? איך בין גאָר ברוגז מיט אים!



אלע „מענטשן" האָבן זיך שוין איינגעקויפט נייע ביכלעך, כדי יעדע וואָך צו פאַרשרייבן די פּענסיע, וועלכע מע באַקומט נישט. א וועקסל צו געבן איז אים שוין אויך געוואָרן א שאָד, דעם העך אָוסעי. וואָרן מיט א וועקסל, טראַכט ער זיך, קאָן מען פטרן א חוב. פאַר א וועקסל קאָן מען באַקומען פרישע סחורה. מאַלע וואָס מ'קאָן אַלץ טאָן מיט א וועקסל, אבי נישט מאַרנעווען עס אויף דער פאַרשאָלטענער פּענסיע.

דערווייל זיינען די ביכלעך וואָס אמאָל געוואָרן מער געשוואָלן מיט גראָבע סומעס פאַרלעגענע פּענסיעס. דאָס עשירות פון די ביכלעך האָט זיך גלייך אָנגעזען אויף די „מענטשנס" פּנימער, אויף זייער אָפּגעטראָגן אָנטועכץ און אויף די גאָרנישט־פויגלדיקע שיך. נאָר וואָס אַרט עס דעם העך אָוסעי, אז ער האָט בחינמדיקע „עבדים"? יעדן דאָנערשטיק, ווען די „מענטשן" קומען אריין נאָך פּענסיע, גיט ער אביסל א צעקנייטש דאָס

פּנים, ווי עס וואָלט זיך אים וועלן צעוויינען, קלאָגט און ביטערט אויף דעם תּכלית, וואָס עס איז געוואָרן פון אַזאַ ריזן־קראַם, און דערווייל ברענגט ער זיך איין אַ היפּשע סומע.

— טאָ גיט כאָטש אַ וועקסעלע, פּאַניע פלינט — שטעלט זיך איין עמעצער פון די „מענטשן".

— וועד האָט וועקסלען? — גיט דער הער אָווסעי אויפן אָרט אַ זאָג אָפּ אַ ליגן — הלוואַי וואָלט איך געהאַט. איך באַדאַרף אַליין האָבן אַביסל געלט.

נישט אַלע אָבער האָבן געקאָנט פאַרטראָגן דעם הער אָווסעיס ראָלע, וואָס ער האָט יעדע וואָך אָפּגעשפּילט.

דער ערשטער האָט זיך איצט אַ שטעל געטאָן דער דייטש קיטמאַן.

בלייבנדיק הינטערשטעליק מיט עטלעכע וואָכן פּענסיע, האָט ער, נישט זאָגנדיק פריער קיינעם, אין אַ פראָסטן מיטוואָך, זיך אַוועקגעזעצט ביים שרייב־טיש און אַ גאַנצן טאָג צומאָל נישט איינגעטונקען די פּעדער. דער הער אָווסעי האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק. ענדלעך אָבער, ווען ער האָט עפּעס באַדאַרפט האָבן פון דעם דייטשס ביכער, און אים אַ פרעג געטאָן וועגן דעם ענין, האָט דער הער קיטמאַן געענטפערט גאַנץ גלייכגילטיק:

— אומזאָנסט, הער פלינט, אַרבייט איך ניכט. יאַ, יאַ.

דער הער אָווסעי איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין ווי מיט אַן אויסגעפּאַטשט פּנים. באַלד אָבער האָט ער אַריינגעבעטן דעם דייטש אין קאַבינעט. און דער סוף איז געווען, אַז דעם זעלבן טאָג נאָך איז דער הער קיטמאַן אַוועק פון דער אַרבעט, איבערלאָזנדיק אַ בריוול, אַז צו דער „פירמע פלינט" האָט ער קיין שום פּרעטענזיעס.

אויף אַן ענלעכן אויפן איז אויך אַוועק דער מאַגאַזינער סטעפּאַן, און אויך דעם מאַגאַזינערס געהילף משה־בער. אַז מע וועט דאַרפן טאָן אין שפּיכלער, זאָגט דער הער אָווסעי, איז נישט חולה איינער פון זיינע שותּפים אַהינצוגיין מיט די שליסלען און אַכטונג צו געבן.

אָט אַזוי וועט יעדעס מאָל ווייניקער „מענטשן". און די איבערגעבליבענע, אַנשטאָט זיך אַ שטעל צו טאָן אויף אַמאָל מיט דער הויכער פאָדערונג, איז גאָר יעדער ביי זיך צופרידן, וואָס עס ווערט ווייניקער „עולם" און מער אַרבעט, וועט דאָך שוין דער הער אָווסעי האָבן ווייניקער צו צאָלן און במילא וועט אויסקומען אויף יעדן מער. אַקוראַט אַזוי זאָגט אויך דער הער אָווסעי און גיט דערווייל צו חשק צו דער אַרבעט. אַ פּאָר וואָכן פירט ער זיך טאַקע לויטן צוזאָג. ער גיט עט־

לעבנע גילדן מער אָדער גאָר א וועקסעלע. הערנאָך אָבער נעמט ער ווידער דרייען אויפן אלטן שטייגער און גיט אזויפיל, אז עס איז צופיל צו שטאַרבן און צוהווייניק צו לעבן, און די רעשט ווערט איינגעשריבן אין ביכעלע.

— און וועמען עס געפעלט נישט — זאָגט דער הער אַוסעי, באַמערקנדיק די אומצופרידנקייט פון אייניקע — קאָן טאָן פונקט אזוי ווי קיטמאַן אָדער סטעפאַן. איך וועל קיינעם נישט שולדיק בלייבן. די אָבער, וואָס ווילן אַרבעטן, מוזן מיטליידן.

54

— „ווער וועט איצט זיין ס׳כפרה־הינדל?"
אזוי האַלט מען אין איין פרעגן, בעת עס רוקט זיך אָן דער טערמין פון די רעדוקציע־בריוו.

דער „עולם" קומט צו דער אַרבעט מיט טיפע רעדער אונטער די אויגן פון נישט קאָנען שלאָפן ביינאַכט. יעדער גייט אַרום צעטומלט מיט פרעסנדיקער זאָרג אין האַרצן. אָפּגעאַרבעט אויף אַן אָרט צו זיבן, אַכט און צוועלף יאָר, געהאַט א שטיקל ברויט און א דאַך איבערן קאָפּ, חתונה געהאַט און קינדערלעך געהאָדעוועט, געהאָלפן אַן אָרעמען טאַטן און אויפגעהאַלטן אַן אַלטע מאַמע און מיטאַמאָל אָט אַזוי־אָ?

— „און וואָס וועט זיין מיט דער דירה? און ווו וועט מען נעמען אויף עסן?"

אָבער דאָס אַלץ איז ביי יעדן טיף אינעווייניק פאַרבאָרגן. אויבנאויף זאָגט מען זיך נאָך א ווערטל און סוף־כל־סוף טראַכט זיך יעדער איינער: „אַז טרעפן וועט עס געוויס אַן אַנדערן און נישט אים". ווייל ווי די מעשה זאָל נישט זיין איז נאָך דערווייל דאָס געשעפט — געשעפט. אמת־טאַקע, נישט אזוי ווי פריער, אָבער עס רודערט זיך נאָך. און צייטנווייז מאַכט זיך נאָך אזויפיל אַרבעט, אַז עס פעלט אוים הענט, און איינער מוז אַרבעטן פאַר צוויי.

עפּעס הויבט איינער אין אַנדערן אָן צו זען א שטערונג פאַר זיך. מע מיידט אויס זיך צונויפצוטרעפן און ריידן א וואָרט. אויף די כסדרדיקע ווענדונגען פון פאַריין, אַז דאָס פערסאָנאַל זאָל זיך צונויפקומען און אָנהויבן אַן אַקציע קעגן דער חוצפהדיקייט פון די באַלעבאַטים, ענטפערט מען צומאָל נישט. יעדער באַהאַלט דעם בריוו אין קעשענע, פּטרט אָפּ

דעם גאנצן ענין מיט א פוילן תירוץ אזן גליט פון מורא, אז דער הער אוסעי זאָל זיך חלילה נישט דערוויסן, אַז דער פאַריין וויל זיך מישן.

און דערווייל טוט זיך דער הער אָוסעי ס'זייניקע. יעדע דריי חדשים זאָגט ער אָפּ אן אנדערן, און צו די איבערגעבליבענע שיקט ער נייע „בריוו". און יעדעס מאָל פאַרענטפערט ער זיך מיט א געראָטן קרעכ־צל און מיט באַלעבאַטישער גוטהאַרציקייט. ס'איז אים טאַקע, זאָגט ער, א רחמנות אויף דעם אָפּגעזאָגטן. א „פיין מענטשל". ער מוז דאָס אָבער טאָן, זאָגט ער, פאַר דער טובה פון די איבערגעבליבענע.

## 55

זיך דערוואַרט גוטע צייטן.

נישט קיין אנדערע ווי שליוניק און די קאַסירשע האָבן פּלוצלינג גענומען ארבעטן מעשים, אז אלע ווי איינער זאָלן באלד אריין אין פאַריין, און אז עס וועט נישט זיין קיין אנדערע ברירה, זאָל מען גאָר ארויס מיט א שטרייק. געשען איז דאָס דערפאַר, ווייל די לעצטע רעדוקציע־בריוו מיינען טאַקע זיי ביידע. און א חודש פאַרן טערמין האָט זיי דער הער אָוסעי ווידעראמאָל געזאָגט, אז לײדער איז נישט אזוי, ווי ער האָט געמיינט — קאָנען זיי איינהאלטן אפילו אויף ערגערע באַדינגונגען — און דעם ערשטן דאַרפן זיי שוין נישט קומען צו דער ארבעט.

שליוניקס גרעסטע טענה צום הער אָוסעי איז געווען, הלמאי ער האָט אים נישט אָפּגעזאָגט מיט עטלעכע יאָר פריער, וואָלט ער כאָטש פאַר־שפּאָרט דעם קלאָפּאָט זיך צו פאַרדרייען א קאָפּ מיט א ווייב, מיט קינדער. ער קאָן גאָרנישט מושווה ווערן מיטן געדאַנק, אז ער וועט דאַרפן עפּעס אראָפּנעמען פון „קניפּל".

— מילא, אויף אזעלכע זאכן איז דאָ אָן עצה — מאכט דער הער אָוסעי מיט א געלעכטערל — גט מען זיך מיטן ווייב. איר זעט דאָך, אַז קיין אייביקע זאַכן זיינען נישט פאַראַן.

דערנאָך האָט שליוניק געפּרווט אויף פאַרשידענע וועגן צו געווינען דאָס האַרץ פונעם באַלעבאָס. ער האָט געגעבן כלערליי עצות: אָפּזאָגן אזעלכע, וואָס ארבעטן נישט אזוי לאַנג, ווי ער, און וואָס האָבן נישט קיין ווייבער מיט קינדער; אראָפּנעמען יעדן איינעם צו ביסלעך פון דער פענ־סיע, כדי דער הער אָוסעי זאָל נישט דאַרפן צאָלן פון דער אייגענער קע־שענע.

— און ווען נישט איך, פאניע פלינט, וואלט דאך דער גאנצער עולם געווען אין פאריין. פאר דעם בין איך אויך גארנישט ווערט?

— „א קאפיקע אויך נישט", טראכט זיך דער הער אוסעי און ענט־פערט נישט צומאל שליוווניקן אויף זיינע אלע טענות. ווייל ביי אים אין עס א באשלאסענע זאך. אזוי האט ער זיך אויך געפירט פאר דער מלחמה, ווען דאס געשעפט איז געהאט געשטאנען גאר שמאל. די ערשטע זאך איז, נישט האבן אינעווייניק קיין „מענטשן" וואס האבן אייגן געלט. גלייבער האבן צו טאן מיט „מענטשן", וואס יעדן טאג פעלט זיי אויף א ברויטל. מיט אזעלכע קאן מען זיך גיכער אן עצה געבן.

פאר דער קאסירשע איז דאס געווען גאר אן אומגעריכטער קלאפ. איר זאל דער הער אוסעי אפטאן אזא זאך? איר? א מענטש, וואס איז אויסגעקאכט אין אלע שטוב־זאכן פון הער אוסעי, א מענטש, וואס בא־זארגט די באלעבאטים מיט שניידערינס, מאגן־דאקטוירים, דענטיסטן און מאסאזשיסטינס, א מענטש, וואס איז אלעמאל א פיינער גאסט אויף יעדער שמחה ביי די באלעבאטים, איר זאל דער הער אוסעי מיטאמאל אפ־זאגן פון פאסטן? און די אוסיעבע, וועלכע די קאסירשע האט אלעמאל געהאלטן פאר אירס א חברטע, זאל מיטאמאל איר זאגן:

— „ליידער, פריילן רעגינע, איך קאן מיך אין דעם נישט מישן".

— ניין פאניע אוסעי — האט זי אים געפרוווט שמייכלען אין פנים אריין — איר מוזט וועלן מיט מיר מאכן עפעס א שפאס.

— ניין, פריילין, דאס זיינען צו ערנסטע זאכן, אז איך זאל שפאסן.

— איך קאן דאס נישט גלויבן.

—מוזט איר זיך צוגעוווינען צו גלויבן אין דעם. איבעריקנס, אז איר וועט אוועק פון אהנין, וועט זיך אייך אפשר טרעפן גיכער א שידוך אין איר וועט ענדלעך חתונה האבן און ווערן פאר זיך אליין א באלעבאסטע.

— אבער זאגט, אז איר שפאסט.

דא האט זיך שוין דער הער אוסעי א הויב געטאן מיט כעס:

— פארדרייט מיר נישט דעם קאפ מיט אייערע נארישע קאקעטישע מינעס. די זאך איז געענדיקט.

און אז די קאסירשע איז נאך דערנאך געוויינט געוואָרן, אז דער הער אוסעי האט זי שוין אויך פארגליכן צו א וואנץ און צו נאך עפעס ערגערס, וואס זוכט נאר א שפארע, וו זיך אריינצוקריכן, האט זי צוזאמען מיט שליוווניקן גענומען צושטיין צום „עולם", אז מ'זאל זען עפעס טאן. מ'האט זיי טאקע באדויערט, אבער אינדערהאמתן איז יעדער געווען צו־

פרידן, וואָס מ׳וועט פטור פון די צוויי דיסקאָנטערן. און יעדער האָט געפרעגט:

— פאַרוואָס האָט איר נישט געוואָלט דערמלט, ווען אלע האָבן געוואָלט?

56

אַ סברה, אַז דער גאַנצער קנאַקער, ס׳הייסט דער פּראָקורענט פליג, וועט שוין אויך לאַנג נישט זיצן אויפן בענקל. סימנים דערויף זיינען פאַראַן גאָר אַ סך. ערשטנס, האָט דער הער אָווסעי אויפגעהערט צו לאַכן פון פליגס וויצן. צווייטנס, לאָזט ער זיך שוין נישט פון פליגן אָפּפּוצן, בעת ער קומט אַריין פון דרויסן מיט אַ פאַרבלאָטיקטן מאַנטל אָדער הויזן. דריטנס, האָט ער פליגן אויפגעהערט מיטצונעמען יעדע וואָך אין באָד אַריין, און פריטיק פאַרבעט ער שוין נישט פליגן צו זיך אויף אַ „קליין מיטאָגל". דער רעכטער עיקר אָבער איז דאָס, וואָס אויך פליג האָט שוין געמוזט אָנהויבן נוצן אַ ביכעלע, כדי צו פאַרשרייבן דאָרט די פענסיע, וועלכע ער באַקומט נישט.

פונדעסטוועגן פרוווט זיך נאָך פליג צו האַלטן אין דער פריערדיקער מערכה. דער קאַרק ביי אים איז רויט און שטייף, און דאָס פּנים לאַכט זאָרגלאָז. און אַז עס קומט דאָנערשטיק ביינאַכט, נעמט ער רייבן אַ האַנט אין אַ האַנט, גייט אַריין אַ שמייכלענדיקער צום הער אָווסעי אין קאַבינעט און זאָגט כלומרשט אין אַ געלעכטער:

— נו, פּאַניע אָווסעי, גיט מיר מלאכה־געלט, איך בין דאָך נישט קיין ערגערער „פּראָלעטאַריער" ווי הערשל.

דער הער אָווסעי קוקט זיך צומאָל נישט אום אויף אים. שטאַרק פאַרטאָן, חשבונט ער עפּעס אין אַ בוך און ענטפערט אים גלייכגילטיק:

— פּאַניע פליג, איך בעט אייך, שטערט מיר איצט נישט. כ׳האָב דאָ אַ פאַרפּלאָנטערטן עסק.

פליג גייט אַרויס פון קאַבינעט מיט אַ פאַרביטערט אויסזען, און אַ פאַרזאָרגטער זעצט ער זיך שטיל אַוועק אויף זיין אָרט.

דעם הער אָווסעי ווידער טוט הנאה די גאַנצע מעשה. די קאַסע האָט ער ביי פליגן שוין לאַנג צוגענומען. קיין געלט גיט ער אים נישט. אָפּזאָגן אים אויפן זעלבן אופן ווי אַלע איז אים עפּעס אַביסל פריקרע. פאָרט אַ מענטש, וואָס האָט אים אַזויפיל צוגעדינט. די גלייכסטע זאַך, טראַכט זיך

דער הער אָווסעי, איז מאַכן אַזוי, אַז פליגן אַליין זאָל פּאַרמיאַוסט ווערן און ער זאָל אַליין אַנטלויפן. און חערצו רעדט ער זיך נאָך אויס פאַר פאַרשידענע מענטשן, ווייסנדיק, אַז זיי וועלן דאָס גלייך איבערגעבן פליגן.

— איך פאַרשטייט — טענהט זיך אויס דער הער אָווסעי — אַזאַ פליג איז דאָך אַ גאָלדענער „מענטש” און אַ געשעפט. אָבער היינט איז ער פאַר מיר איבעריק און אַ צו טייערער ביסן.

## 57

איין גליק, וואָס די באַלעבאַטים האָבן זיך גענומען אַביסל אַרומ־רייסן צווישן זיך, האָבן די „מענטשן” דערווייל אַ קאַפּעטשקע מנוחה. זאָגן אַקוראַט, ווער מיט וועמען עס רייסט זיך אַרום איז שווער, ווייל רב מנשה'קע איז זייער אַ בייגעוודיקער און האַלט אַמאָל מיט רב נאָסקען און אַמאָל מיטן הער אָווסעי. דער עיקר אָבער זייען אַלע אין כעס אויף דעם הער אָווסעי, ווייל ער האָט זיך גוט באַוואָרנט מיט הייזער און מיט שפּייכ־לערס און קאָן זיך היינט פאַרגינען צו האָבן צוויי קעשענעס — אַ רייכע און אַן אָרעמע. די רייכע קעשענע האַלט ער פאַר זיין גרויסאַרטיקער דירה און פאַר זיין גרויסאַרטיקער ווירטשאַפט. און די אָרעמע קעשענע האַלט ער אין איין באַווייזן זיינע שותפים, און שלעפּט נאָך דערצו אַרויס פון געשעפט, וויפל עס לאָזט זיך.

רב נאָסקע זאָגט, אַז דער ערגסטער גזלן איז גאָלד אַקעגן אָווסעיען. ער באַדויערט שוין גאָר, וואָס ער איז געקומען צו ליפן פון יעקאַטערי־נאָסלאַוו. ער וואָלט זיך אָפּגעמוטשעט, זאָגט ער, עטלעכע יאָר, דערפאַר אָבער וואָלט ער פאַרשפּאָרט האָבן צו טאָן מיט אַזאַ מערזאַוויעץ.

— טאָ פאַרוואָס זאָגסטו דאָס אים נישט? — טוט רב מנשה'קע אַ צעוואָרף ביידע הענט.

— חכם איינער. דו ווייסט דאָך, אַז איך בין ברוגז מיט אים. איך וואָלט זיך פאַר אים געשעמט? דו אָבער דאַרפסט אויך נישט שווייגן.

— וואָס טוסטו מיך נאָך אָנרייצן ווי אַ הונט? — פרעגט רב מנשה'קע מיט כעס. — נאָך קנאַפּ צרות האָב איך?

— נו, זאָג, — ווערט רב נאָסקע נישט מיד צו טאַטשען, — וואָס שטעלט זיך דיר אָפּ נאָך דרייסיק יאָר האָרעווען? דאָס מיסט פון הויז וועט ער דיר געבן?

כדי נישט צו פּלאַצן אויפן אָרט, לויפט רב מנשה'קע בעסער אַוו־

גאַנצן אַרויס פֿון דער קראָם. סײַ־ווי ווייסט רב מנשה׳קע, אַז לאַנג וועט ער שוין נישט אָנטרייבן. אין שטוב בײַ זיך מאַכט מען פֿון אים ס׳גענאַר. מ׳האַלט אים אין איין דערמאָנען, אַז „אַ הויז פֿאַר אָוסעיען האָסטו גע־קאָנט אויפֿבויען און מיטן חתונה מאַכן די מיידלעך וואָרטסטו אויף גאָט״. נאָך קנאַפּ די „ווערטלעך״ זײַנען אַלע אין שטוב מיט אים ברוגז, אַפֿילו דאָס ווייב, און ער דרייט זיך אַרום ווי אַ פֿאַרגעסענע אומנוויטיקע זאַך.

— און אַז איך האָב יאָ חתונה געמאַכט די קינדער אין דער גוטער צײַט? — פֿרעגט אים רב נאָסקע. — נו, שיקט דען נישט הערמאַן אַהיים דאָס ווייב אויף עטלעכע חדשים צו אירע עלטערן, ווײַל ער קאָן איר דאָ נישט געבן קיין חיונה?

רעכט לעבעדיק אָבער איז געוועזן אַנומלטן, ווען רב נאָסקע און אָוו־סעי האָבן מיטאַמאָל פֿאַרגעסן זייער ברוגז און איבעראַניים גענומען זיך אַרײַנזאָגן דאָס ערגסטע פֿון דער קאָרט. נישט קאָנענדיק זיך אַן עצה געבן מיט אַלע דריי שותּפֿים מיט גוטן, האָט דער הער אָווסעי אָנגעהדייט זײַנע נערוון און גענומען וואַרפֿן אין דער ערד אַלערליי סחורות, וואָס איז אים נאָר געקומען אונטער דער האַנט. רב נאָסקע איז בעת־מעשה גע־שטאַנען ווי אַ קאַלטער גזלן און געהאַלטן אין איין איבערחזרן: „זעט נאָר, זעט, ווי ער מאַכט זיך משוגע!״ רב מנשה׳קע, אינגאַנצן אַ צעשרויפּ־טער, איז לכתּחילה אַרויסגעלאָפֿן פֿון דער קראָם און צוגעווונטשן, אַז ביידע מעגן זיך דערהרגענען. הערמאַן איז געשטאַנען אינדערמיט, געוואָלט אײַנהאַלטן אָווסעיען, כּדי אָפּצוהיטן דעם פֿאָטער. רב נאָסקע האָט זיך אָבער אַלץ געריסן ווי אַ בייזער קאָזשאַל און ראַפּטום אַראָפּגעכאַפּט פֿון פּום אַ קאַמאַש און געוויזן אָווסעיען די צעלעכערטע זוילן:

— זעסט, סוואָלאַטש! זעסט, וואָס איך האָב פֿון געשעפֿט!

דערויף האָט אים דער הער אָווסעי געענטפֿערט, אַז אַזעלכע לעכער ווי אין די זוילן מעג ער אויך האָבן אין קאָפּ.

הערמאַן זעענדיק, אַז ער וועט ביידע נישט צערייסן, האָט זיך מיישב געווען און נאָר גענומען חלשן און איז טאַקע באַלד אַוועקגעפֿאַלן אויף אַ באַרג סחורה מיט אַ ווייס פּנים, ווי אַ נישט דערבאַקענע בולקע.

דער הער אָווסעי מיט רב נאָסקען האָבן אָבער נאָך נישט געהאַט אַלץ אויסגעלאָדנט פֿון זיך. איצט האָבן זיי שוין געהאַלטן בײַ משפּחה־זאַכן. ביידע האָבן זיך געפֿרעגט, ווער עס האָט געוואָלט ירשענען דעם טאַטן בײַם לעבן, און צוליב וועמען, אייגנטלעך, איז דער טאַטע געשטאָרבן. דער הער אָווסעי האָט געשריגן, אַז ער, נאָר ער, האָט רב נאָסקען גע־מאַכט פֿאַר אַ מענטש, און רב נאָסקע האָט געשריגן באַרקערט, אַז ער,

אָווסעי, האָט אים געמאַכט פאַר אויס־מענטש און אַז בסך־הכל האָט ער אים אין „ערגעץ־אַנדערש". מ'האָט זיך געוואָרפן מיט קללות ווי מיט געלט אין די אַמאָליקע גוטע צייטן. און בעת רב נאָסקע האָט, צונעמענ־דיק זיך גאָט פאַר אַן עדות, אים צוגעוווּנטשן, אַז ער וועט בשום אופן נישט דערלעבן חתונה צו מאַכן זיינע קינדער — איז דער הער אָווסעי גע־וואָרן ווילד. אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען צעמישט, דערנאָך גענומען האַקן אין בראָקן, און לסוף געשריגן, אַז איצט־אָ מאַכט ער שוין מיט זיך אַ סוף; איצט־אָ גייט ער שוין אַרויף אויפן פינפטן שטאָק און וואַרפט זיך אַראָפּ.

— אדרבא, סוואָלאָטש! גיי און וואַרף זיך! — האָט רב נאָסקע גע־כריפּעט.

ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דער הער אָווסעי נעמט שוין טאַקע אַרויס־לויפן, כדי זיך אַראָפּצוּוואַרפן. פּלוצלינג אָבער האָט ער זיך מיישב געווען, ווייזט אויס, חרטה געקריגן, און איבעראַניים גענומען שרייען:

— ניין! איך וועל זיך נישט וואַרפן! וואַרף דו זיך בעסער! דו האָסט שוין חתונה געמאַכט דיינע קינדער פאַר מיין געלט! און איך האָב נאָך קליינע קינדער! גיי וואַרף דו זיך!

58

פונדעסטוועגן איז זיך רב נאָסקע ווייטער באַלעבאָס. און הגם מיט אָווסעיען איז ער ברוגז, געפינט ער אָבער צו אים לייכט אַ וועג — דורך הערמאַנען אָדער רב מנשה'קען — בעת ער דאַרף אים לאָזן וויסן, אַז מ'קאָן זיך, וועדליק אים, ווייטער באַגיין אָן דעם אָדער יענעם "מענטשל".

אין קראָם זיינען סך־הכל געבליבן דריי מענטשן: דער עלטערער פאַ־קער, דער סאָבאַטשעווער און הערשל טורקעסטאַנער. די קאָרעספּאָנדענטן מיטן בוכהאַלטער פירן די ביכער אין אַ זייטיק צימערל אין הער אָווסעיס דירה. אַחוץ די פינף זיינען נאָך געבליבן די צוויי וואַיאַזשאָרן: ברענ־מאַן און שאול, וועלכע הייבן נישט אָן צו וויסן אויף וואָס פאַרא וועלט זיי געפינען זיך. פאָרן אויף דער רייזע — האָבן זיי שוין באַלד פאַרגע־סן, ווי אַזאַ זאַך זעט אויס. ווייל איינצוקאַסירן איז שוין נישטאָ וואָס, און ווידער אויף לייזן געלט, זאָגט דער הער אָווסעי, אַז ס'איז אַ שאָד די הוצאות. פונדעסטוועגן קאָן ער זיך אָן די וואַיאַזשאָרן נישט באַגיין און ער געפינט שוין אויס פאַרשידענע לעבער, ווו זיי אַריינצושטופּן.

ווי עס ווייזט אויס, וועלן שוין איצט מער קיין רעדוקציעס נישט זיין. די „בריוו" האָט שוין די פירמע אויפגעהערט צו שיקן, ווייל די איבער־געבליבענע עטלעכע „מענטשן" זיינען פאַרן געשעפט נוטיק ביז גאָר. נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז קיין פענסיע צאָלט מען ווייטער נישט? וואָס קומט אַרויס, טענהן די „מענטשן", פון אַזאַ אַרבעט און פון אַזאַ פּאָסטן, אַז עס גייען אַוועק וואָכן, און די באַלעבאַטים גיבן צומאָל נישט דאָס וואַסער אויף דער קאַשע. און גאָר אָפּט מאַכט זיך, אַז וועגן געלט איז גאָר נישטאָ מיט וועמען צו ריידן. אַזוי אויף צו האָזקאַזעווען ביי דער אַרבעט, זיינען זיי אַלע באַלעבאַטים. און ווו עס קומט צו פּענסיע, גיט זיך דער הער צאָר־סעי אַ זאָג אָפּ, אַז ער האָט באַשלאָסן מער זיך נישט צו מישן אין די זאַכן. זינט דער קריגעריי מיט זיינע שותפים, זאָגט ער, האָט ער אַזוי באַ־שלאָסן. די איבעריקע באַלעבאַטים ווידער טענהן:

— אדרבא, גייט צו אָווסעיען. ער האָט דאָך געשריגן, אַז נאָר ער איינער איז דאָ באַלעבאָס. פונוואַנען האָבן מיר געלט, אַז ער נעמט אַלץ צו. וואָס ווילט איר פון אונדז? ער האָט אייך צוגענומען צו דער אַרבעט, ער האָט אייך שטענדיק געצאָלט, זאָל ער ווייטער צאָלן. זאָל ער, פונ־וואַנען האָבן מיר?

אַזוי חזרט זיך איבער וואָך ביי וואָך. אַן אמתע „קאַמער־קאַמער־טיר". און דער סוף בלייבט, אַז יעדער „מענטש" ווערט דייבער מיט אַ וואָך פּענסיע אין דער בוכהאַלטעריע אויפן פּאַפּיר.

59

אפנים, אַז איצט וועלן זיך שוין די „מענטשן" עפּעס אַ ריר טאָן, ווייל יעדער איינער זאָגט שוין:

— אַז פאַרלירן איז נישטאָ וואָס. און ערגער, ווי ס'איז קען שוין נישט זיין.

דאָס גאַנצע פּערסאָנאַל איז שוין געווען אין פאַריין. מע האָט שוין אפילו געהאַט אַ באַראַטונג מיטן סעקרעטאַר פון פאַריין. יעדער איינער האָט זיך אַראָפּגערעדט פון הארצן. יעדער איינער איז גרייט אויף אַלץ ווען ס'זאָל אפילו קומען צו אַ שטרייק.

— אָבער אַ שטרייק, חברים — זאָגט דער סעקרעטאַר — דאָס, זאָלט איר וויסן זיין, איז אַ נ־דזער לעצט מיטל, און דערפאַר דאָס שאַרפּס־

טע מיטל. א שטרייק — דאָס איז א שלאַכט, ווו מע ווערט צעשמעטערט, אָדער מע זיגט. דעריבער מוז מען גוט באַטראַכטן דעם ענין און דער־נאָך זיין דעצידירט אויף אַלץ.

ווייזט זיך מיטאַמאָל אַרויס, אַז נישט אַלע זיבן „מענטשן" זיינען שוין דעצידירט אויף אַלץ. שאול, דהיינו, קאָן גאָרנישט מישווה ווערן מיטן געדאַנק, אַז ער וועט ווערן אַ שטרייקער. ער, אַזאַ באַלעבאַטישער ייד, אַ געוועזענער סוחר, וועלכער גייט נאָך יום־טוב אין שול אַריין אין גלאַנציקן חתונה־צילינדער. ער וואָלט זייער וועלן, אַז דער פאַריין זאָל זיך נאָך דערווייל אינגאַנצן נישט מישן, און דאָס פערסאָנאַל זאָל נאָך פריער אָנשרייבן אַ בקשה־בריוו צו די באַלעבאַטים, און אַלע מענטשן זאָלן זיך אונטערשרייבן. פונדעסטוועגן, זאָגט ער, כאַפּט עס דער רוח, און ער וועט מיטהאַלטן מיט אַלע.

דער סאָכאַטשעווער ווידער איז גאָר צעטומלט. אויב ס'וועט קומען צו אַ שטרייק וואָלט ער ליבערשט וועלן פריער אייכזינקען. שיין וועט ער אויסזען, אַז דער הער אָוסעי וועט אָנשרייבן אַ בריוול צו זיין מוטער פּייטשע, „אַז דיין זון איז געוואָרן אַ שטרייקער". פונדעסטוועגן, זאָגט ער, איז קיין אַנדערע עצה נישטאָ. ער בעט נאָר, אַז איבער דער צייט פון שטרייק זאָל ער זיך נישט דאַרפן זען מיט די באַלעבאַטים.

— הייסט עס, אַז מיר טרעטן צו צו דער אַקציע — זאָגט דער סעקרעטאַר. — געדענקט אָבער, אַז אַלץ איז אָפּהענגיק פון אייער פעסטקייט און אַנטשלאָסנקייט. און דער עיקר: נישט לאָזן זיך פּראָוואָצירן און אַרייננאַרן.



זייער טשעקאַווע: ווי אַזוי וועט עס אויסזען, ווען די דעלעגאַציע פון פאַריין וועט אַריינקומען צום הער אָוסעי. אַלע וואַרטן אויף דער מינוט מיט מורא; מיט ציטערניש און מיט אומגעדולד צוגלייך. יעדער איינער וואָלט דעם טאָג געוואָלט קראַנק זיין, קריגן כאָטשבי ביידן־ווייטיק, כדי נישט צו דאַרפן קומען אין קראָם אַריין. פון דער אַנדערער זייט אָבער, ווילט זיך קיינעם נישט אַדורכלאָזן די געלעגנהייט צו זען, וויאַזוי די דעלעגאַטן וועלן אַ שמועס טאָן מיטן הער אָוסעי — מיט אָט דעם זעלביקן הער אָוסעי, וועלכער פלעגט נישט איינמאָל זיך באַרימען, אַז זיין שוועל מאָרן פאַריין־מענטשן נישט באַטרעטן און וועלן נישט באַטרעטן.

און אָט האָט מען זיך דערוואַרט.

אין אַ נאָכמיטאָג־שעה זיינען אַריינגעקומען דער סעקרעטאַר מיט נאָך איינעם. זיי האָבן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו די „מענטשן", וועל־כע זיינען ראַפּטום געוואָרן ווייס ווי קאַלך און אין ציטערניש געפֿילט, ווי אונטער דער בוזים־קעשענע צאַפּלט זיך עפּעס דערשראָקנס. דער העך אָוור־סעי איז זיי גלייך אַנטקעגנגעגאַנגען, און מיינענדיק, אַפֿנים, אַז דאָס זיינען אויך קרעדיטאָרן האָט ער שיר נישט אַרויסגעזאָגט די עטלעכע ווער־טער, וועלכע ער חזרט איבער אַ מאָל הונדערט אַ טאָג: „איר וועט אַזוי גוט זיין קומען מאָרגן. הייַנט האָב איך נישט קיין געלט".

איר זענט דער העך אָוורסעי פּלינט? — פֿרעגט דער סעקרעטאַר. — מיר זיינען אַ דעלעגאַציע פֿון פּאַרטיין און דאַרפֿן זיך מיט אייך אַדורכ־שמועסן וועגן אייערע אָנגעשטעלטע.

— הם — גיט דער העך אָוורסעי אַ לאַנגן ציִ דעם אָטעם און קוקט אַ היפּשע ווײַלע פּאַרבליפֿט, אַמאָל אויף די „מענטשן" און אַמאָל אויף דער דעלעגאַציע.

דערנאָך גייען זיי אַריין אין קאַנטאָרל, וואָס הינטערן גלעזערנעם ווענטל, און עס הויבט זיך אָן דער שמועס:

— ווער אייגנטלעך — הויבט אָן דער העך אָוורסעי, — האָט אייך געשיקט צו אונדז? איר האָט עפּעס אַ בריוו, אַ באַפֿולמעכטיקונג?

— ניין, מיר האָבן קיין שום בריוו. מיט אַזעלכע פֿראַגן, העך פּלינט, פּטרט איר בלויז צייט. מיר קומען אין נאָמען פֿון פּאַרטיין און אין נאָמען פֿון אייערע אָנגעשטעלטע.

— אַזוי — נעמט זיך דער העך אָוורסעי שפּילן מיט די פּאַרפֿלאָכטענע פֿינגער איבער בויך און שמייכלט מיט אַזאַ שמייכל, וואָס ס'איז אים פֿונ־דעסטוועגן גאָרנישט מקנא צו זיין — זענט איר, הייסט עס, פֿון יענע חבֿרה־לייט. נו, אויב אַזוי, מוז איך אייך זאָגן, אַז איר האָט זיך אויסגעקליבן אַ שלעכט אָרט. נישקשה. איך געדענק נאָך אייער חבֿרה פֿון רוסלאַנד, פֿון מאָסקווע. דאָרט האָבן זיי געהאַט ביי וועמען צו נעמען. איר אָבער קומט דאָ אַריין אין אַ חרובֿ געשעפֿט. איך האָב שוין געהערט פֿון אייך. איר זענט גאַנץ ווײַלע יונגעלייט. נאָר איר זענט צו שאַרף. איז אפֿשר טאַקע גלייכער אויסמיידן די מעגלעכע אומאָנגענעמלעכקייטן — איך בין זייער נערוועאיש — און שיקט אונדז צו אַן אַנדערן פּאַרטיין. ווי הייסט ער, דער פּאַרטיין, מנשה'קע? — ווענדט ער זיך צום ברודער — יאָ, דעם „סאָציאַליסטישן" פּאַרטיין.

— די אַלע מעשות — ענטפערט דער סעקרעטאַר — אינטערעסירן אונדז נישט. און אויב איר ווילט נישט מיט אונדז ריידן, דאַן וועלן מיר געפונען מיטלען, ווי־אַזוי איר זאָלט יאָ ריידן מיט אונדז.

— אָ, — מאַכט דער הער אָווסעי כלומרשט גוטמוטיק, — אָנשטאָט מיר נעמט איר זיך גאָר בייזערן. לאָמיר קודם הערן, וואָס ווילט איר?

— אָט אַזוי פאַרשטייען מיר, — זאָגט דער סעקרעטאַר, — דאָס הייסט צום ענין. מיר ווילן דריי זאַכן: ערשטנס, פון היינט אָן זאָלט איר רעגולער אויסצאָלן די אָנגעשטעלטע די פענסיע. צווייטנס, תיכף אויסצאָלן די פאַרלעגענע פענסיעס, וועלכע דערגרייכט דאָך ביי אייך אין די שווערע טויזנטער. א דאַנק אייך דראָט דאָך די אָנגעשטעלטע עקסמיסיעס און אַנ־דערע צרות, און זיי האָבן נישט אויף דעם נויטיקסטן; דריטנס, באַצאָלטע אורלויבן...

— בקיצור, — זאָגט דער הער אָווסעי מיט א הפקרדיק חוזק־שמיי־כעלע, — צאָלן און צאָלן און ווידער צאָלן. אָבער פון וואָס, מיינע הערן? איר זעט, — ווייזט ער אָן אויף די האַלב־ליידיקע פּאָליצעס — די קרע־מער האָבן אונדז צעראַבירט דאָס געשעפט, ביי אונדז האָט א „מענטש" קיינמאָל גאָרנישט געפעלט. אדרבא, פרעגט זיי. און היינט האָבן מיר נישט. פאַרפאַלן.

— דאָס איז פאַר אונדז נישט קיין ענטפער, זאָגט דער סעקרעטאַר — מיט א געשעפט שטייט איר? מענטשן צו דער ארבעט האַלט איר? מוזט איר זיי צאָלן.

— און אַז איך האָב נישט? — גיט זיך דער הער אָווסעי ראַפּטום א כאַפּ, אַז ער צערעמאָניעט זיך שוין צו־לאַנג און ווערט פייער־רויט, — און אַז איך האָב נישט? אדרבא! זאָגט פאַנאָוויע, — ווענדט ער זיך צו די „מענטשן", וועלכע שטייען אין דער מינוט הילפלאָז און מיט אראָפּ־געלאָזטע קעפּ, גלייך מ׳וואָלט זיי אויסגעטאָן נאַקעט. — אדרבא, זאָגט! איך צאָל נישט, ווייל איך וויל נישט, צי ווייל איך האָב נישט?!

קיינער ענטפערט נישט, און דער הער אָווסעי פאַרשרייט שוין זיך אַליין:

נו, זאָגט! איר האָט דאָך מיר געשיקט דעם פאַריין!

— מאַנכעס מאָל האָט איר טאַקע נישט, — ענטפערט ווער פון די „מענטשן". — אין גרעסטן טייל אָבער ווילט איר נישט צאָלן.

— און אָט דאָס זאָגט א „מענטש", — שאָקלט דער הער אָווסעי מיטן קאָפּ, און דאָס קול ביי אים הויבט שוין אָן צו כריפּען, — א

„מענטש", וואָס האָט ביי מיר געהאַט אַזויפיל גוטע, זאַטע יאָרן. שעמט אײַך!

און צו דער דעלעגאַציע רעדט ער שוין אַביסל רויקער:

— אליזאַ, מײַנע הערן, איך האָב אײַך זייער גוט פאַרשטאַנען. נאָר, לײַדער, האָב איך נישט, מיר זײַנען הײַנט אַרעמעלײַט. און ווען אונדזערע „מענטשן" זאָלן ווירקלעך פאַרמאָגן און זיך אַביסל יושר, וואָלטן זיי אַליין אַוועק און אונדז געלאָזט צו רו. נאָר מיר זײַנען צו איידל, טיילן מיר זיך מיט זיי מיטן ביסן.

— אָבער וואָס ענטפערט איר אונדז, הער פּלינט, אויף אונדזערע פאָדערונגען?

— איך קאָן אײַך גאָרנישט ענטפערן. קיין געלט האָבן מיר נישט. און איר ווייסט דאָך דאָס ווערטל: אַ ברימינן האָט פאַר גאָרנישט קיין מורא.

— אָבער ווי קומט דאָס — זאָגט דער סעקרעטאַר — אַז אַ ברימינן זאָל זיך האָבן אַ פירשטאַקיק הויז? און אַביסל צירונג האָט איר דאָך מסתמא אויך?

דאָס האָט שוין דעם הער אָוסטי אַ נעם־געטאָן ביי דער זיבעטער ריפּ.

— נו, און אַז איך האָב! זאָל איך זיך טיילן מיט אײַך? יאָ! איר ווילט אַזוי? מאָסקווע?

— איך ווייס — ענטפערט דער סעקרעטאַר רויק — אַז איר וועט זיך נישט טיילן מיט אונדז. אָבער דאָס הויז האָט איר דאָך אָפּגעשפּאָרט אין דער גוטער צייט פון אײַערע מענטשנס אַרבעט, טאָ נעמט איצט פון דאָרטן און באַצאָלט זיי.

חאָ איז שוין דער הער אָוסטי אַנגאַנצן אַרויס פון די כלים און מיט שוים אויף די ליפּן גענומען שרייען צום ברודער:

— מנשה'קע, דו הערסט! ס'מלבוש זאָל איך זיי אַוועקגעבן! ס'בעטגעוואַנט אפשר אויך? וואָסי דאָ? באָלשעוויקעס? יונגעלײַט, איך האָב מער מיט אײַך נישט וואָס צו ריידן!

— מיר אָבער מוזן האָבן אַ קאָנקרעטן ענטפער!

— גייט! — האָט דער הער אָוסטי געדונערט און זיך גענומען רוקן נענטער ווי זיך צו וואַרפן אויף זיי. אים צו הילף האָט זיך אויך באַלד געשטעלט רב מנשה'קע און אפילו דער ברוגזער רב נאָסקע, וועלכן די גאַנצע מעשה האָט לכתחילה אַ הנאה געטאָן, בעת זיי האָבן אַרײַנגעזאָגט אָוסטיען.

— וואָס! — איז דער סעקרעטאַר א ווײלע געבליבן צעטומלט — איר גײט זיך כאַפּן שלאָגן?

— גײט! גײט! וואָן פֿון דאַנען! — האָט דער הער אָוסעיִ געגומען מאַכן זײַנע משוגענע אָנשטעלן. — וואָן! באָלשעוויקעס! מײַנע קינדער ווילן זיי מיר צונעמען! שלאָגט זיי! אַרויס פֿון מײַן געשעפֿט! אַלע „מענטשן" אַרויס! — האָט ער אויך געשריגן צו די אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן זיך אָבער נישט גערירט פֿון אָרט, — אַרויס! איך דאַרף נישט קיינעם! אַזוי צאָלט מען מיר אָפּ פֿאַר מײַן גוטס! אַרויס! שלאָגט זיי, מנשה'קע, שלאָג!

אין דער אַמפּעריי צווישן דער דעלעגאַציע און די באַלעבאַטים האָט דערווײַל געגומען פּלאַצן די גלעזערנע וואַנט פֿון קאַנטאָרל. איצט זײַנען שוין די געוואַלדן געוואָרן גאָר גרויס, און אינדרויסן איז געוואָרן א צוזאַמענגעלויף.

— פּאָליציי! פּאָליציי! האָבן געשריגן די באַלעבאַטים. — ברענגט פּאָליציי!

צעשויבערטע און צעקנײטשטע, מיט פֿאַרבלוטיקטע הענט פֿון געפּלאַצטן גלאָז, האָט זיך די דעלעגאַציע אַרויסגעריסן פֿון דער קראָם. אָבער אין עטלעכע מינוט אַרום זײַנען זיי ווידער אַרײַנגעקומען און געזאָגט צו די „מענטשן":

— חברים, קומט! מיר דערקלערן א שטרייק!

אַלע „מענטשן" האָבן זיך גיך אָנגעטאָן און פֿאַרלאָזט דאָס געשעפֿט.



ס'איז ערשט דער צווייטער טאָג, און אַלע ווייסן שוין, אַז אין געשעפֿט ביי דער „פֿירמע פֿלינט" איז א שטרייק. טרעגער און פֿורמאַנעס האַלטן אויך מיט. אַז זיי הערן דאָס אָרט, ווו זיי דאַרפֿן אָפּטראָגן אָדער צופֿירן סחורות, ענטפֿערן זיי מיט גרויס הנאה:

— „נישקשה, פּאַניע. איר מעגט זיך אַמאָל אַליין פֿאַרגינען דעם טעם פֿון טראָגן א קאַסטן סחורה".

אפילו חאָם הפּקר־ייִנגל מיט דעם טויטן פּנים, וועלכער דרייט זיך שטענדיק אַרום די קראָמען זשעדנע נאָך א פֿאַרדינסטל, ענטפֿערט געוואַלדיק די באַלעבאַטים:

— און ווען איר גיט מיר הונדערט גילדן פאר אוועקפירן דאָס פעקל? איר ווייסט נישט, וואָס עס הייסט א שטרייק?

דאָס פערסאָנאל גייט טאקע ארום ליידיק, נאָר ארבעט פעלט נישט. יעדער איז אוועקגעשטעלט אויף זיין ריכטיק אָרט. צוויי פאר־נעמען זיך מיט שאפן אביסל געלט, ווייל כמעט אלע שטרייקנדיקע האָבן באלד נישט געהאט אויפן ערשטן מיטאָג. צוויי שטייען פאר דער קראָם און, היטן אָפּ פאר שטרייקברעכערס. די איבעריקע רוען דערווייל אין גאָרטן, וואָס איז נישט ווייט פון דער קראָם.

ס'ערשטע מאָל אין זיין לעבן זעט הערשל, ווי אזוי די באלעבאָ־טים מוזן טאָן זיין ארבעט. זיי שלעפּן אליין פעק און הייבן קאסטנס, ווערן אָבער נאָך יעדע פאר טריט מיד און ווישן זיך ס'פּנים מיט ריינע טיכעלעך. און פונקט ווי זיי צו אים, האָט איצט אויך הערשל חשק אויסצושרייען צו זיי:

— „נו פעטרלעך! גיכער אביסל!".

אלע זון און טעכטער פון די באלעבאטים האָבן זיך גענומען צו דער ארבעט. ס'ווייזט אָבער אויס, אז זיי זייטען קנאפּע אויפטוער. ווייל יעדע פאר מינוט קומט ארויס איינער פון די באלעבאטים און בעט זיך ביי די „מענטשן":

— זאָגט מיר כאָטש אווו עס ליגט דער מין? און וויפל טוט דארף נאָך זיין? א וואָרט זאָגן לאָזט אייך דער פאריין אויך נישט?

איין ענטפער:

— שטרייק.

עס גייט אקוראט אזוי ווי מ'האָט פאָרויסגעזען. די באלעבאטים טועון אלץ, כדי צו צעברעכן די אחדות ביים פערסאָנאל. זיי שיקן אונ־טער זייטיקע מענטשן, סוחרים, מיט פארשידענע צוזאָגן. זיי אליין, די באלעבאטים, פרוון איינטענהן מיט יעדן באזונדער. יעדן זאָגן זיי צו בערג מיט גליקן. זיי האלטן נאָר נישט פון דעם אנדערן, ס'הייסט פון דעם, מיט וועלכן זיי ריידן איצט נישט. און צו דעם אנדערן טענהן זיי פונקט פארקערט, און דער עיקר מיינען זיי נאָר צו זאָגן:

— וואָס טויג אייך דער פאריין? איר אליין וועט ביי אונדז מער פועלן ווי דער פאריין, ווייל איר זענט אונדזערס און אייגענער, אָבער וואָס פארא געשעפטן האָבן מיר מיט א פאריין? פרעמדע מענטשן.

אויף די אלע טענות האָבן די „מענטשן" נאָר איין ענטפער:

— אלץ מיטן פאריין. איך וועל אייך נישט ענטפערן קיין איין וואָרט. אלץ דער פאריין.

אזוי טאָג נאָך טאָג.

סוף־כל־סוף האָבן די באַלעבאַטים איינגעזען, אַז זיי וועלן גאָרנישט אויספירן. זיי וועלן זיך איבעראַניים מוזן אַוועקזעצן בײַם טיש מיט אַט די זעלביקע צוויי, צו וועלכע זיי האָבן זיך געכאַפּט שלאָגן.

— און ווי איז דער דין — פרעגט רב נאָסקע — אַז מיר ווילן נישט די צוויי, נאָר אַנדערע?

— ניין. דאָס מאָל מוזן זיין דווקא די צוויי. ווייל איר האָט זיי זייער מיאוס באַליידיקט. און איר וועט זיי אויך מוזן איבערבעטן.

— און דערנאָך וועט איר גלייך אַריין אין קראָם אַרבעטן?

— פאַרשטייט זיך, אַז אַלע וועט זיין דערליידיקט. און אַז דער פאַריין וועט הייסן.

— און אַז מ'וועט נישט אַהערקומען?

— וועלן מיר ווייטער שטרייקן!

— נו, מילא, רופט זיי, אַריין, אייערע שיינע מענטשן פון פאַריין, און זאָל דאָס שוין אַמאָל נעמען אַן עק! — זאָגט רב נאָסקע מיט אַזאַ פּנים, גלייך מע וואָלט אים אַרויסגעריסן אַ פעסטן באַקציאָן.

ס ו ף

# אינהאלט




רעד. פון פאַרלאַג:

ל. אליצקי ד. ספארד

**ביכער פון אומגעקומענע שרייבער**

ארויסגעגעבן דורכן פאַרלאַג „יידיש בוך"

1. ש. האָראָנטשיק — „געקליבענע שריפטן"
2. אַלטער קאַציזנע — „געקליבענע שריפטן"
3. מ. בורשטין — „ביי די טייכן פון מאַזאָוויע"
4. כלאַוונע קאַגאַן — „אויפן טייך"
5. דוד מיצמאַכער — „דערציילונגען"
6. דאָס ליד איז געבליבן" — אַנטאָלאָגיע פון 36 יידישע דיכטער, אומגעקומענע בעת דער היטלער־אָקופּאַציע אין פוילן